
שטערן
ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל

**№ 4 (7)**

אַפּרעל.


שול-און-בוך
מינסק.

פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און פאליטיש-וויסנשאפטלעכער זשורנאל.

מינסק, אפּרעל 1926. ═══ צווייטער יאָרגאַנג. ═══ № 4 (7)

איציק פעפער.

# לירישע לידער.





[ב]אַקענט איז מיר אין רוסלאַנד יעדער באַן
[מ]יט קינדער היימלאָזע, מיט גלעקער און מיט פאָנען,
א [וו]עלכע ווערסט האָט ניט פאַרזוכט מיין שפּאן,
[א] וועלכע זון האָט ניט געברענט מיין פּאָנעם.

כ'האָב ליב געהאַט די קאַלטקייט פון די נעכט,
דאָס וואַרטעניש אף ווינטערדיקע באַנען,
דערווייל איז נאָך אף קיילעכיקער ערד
א לאַנד אזא אינערגעץ ניט פאַראַנען.

[ב]ין איך געלאָפן איבער פעלדער, איבער שטעט
[מ]יט ברידערלעך מיט קויטיקע געפלויגן,
[א]יז איצט מיר מאָדנע, קויפן א בילעט
[א]ון זען א קאָנדוקטער פאַר די אויגן.

קיין איין קיטאַיעץ איז דאָ ניט פאַראַן,
און אומעטום א פרעמדער, זאַטער פּאָנעם.
באַקענט איז מיר אין רוסלאַנד יעדער באַן
מיט קינדער היימלאָזע, מיט גלעקער און מיט פאָנען.

* * *

בא טויערן צוקלאַפּטע און פאַרברענטע
איז גוט זיך איינדעקן מיט וואַרעמקייט פון זון.
עס כאַלעמט זיך מיר אָפּט די באָבע יענטע —
א פעסטע יידענע, ניט היינט געדאַכט, געווען.

צוגיס זיך, זון, אף אַלע מיינע גאַסן,
די באָבע יענטע ציטערט נאָך פאַר קעלט.
ווי זשע קען איך איצטער זיין געלאַסן,
ווען ס'ציט מיין הייסקייט זיך אין ווינטעריקן פעלד.

אין שטעטלעך רויכערט זיך א מידע בלאָטע
און קריכט און זוכט און פּאַכעט מיט די הענט.
ס'אַרט מיך ניט די קויטיקע קאַפּאָטע —
איך האָב זי אף מיין לעבן ניט געקענט.

די באָבע יענטע האָט אַמאָל געפּענטעט,
איך שפּאַן און וויש און מעק ווי ניט געווען.
בא טויערן צוקלאַפּטע און פאַרברענטע
איז גוט זיך איינדעקן מיט וואַרעמקייט פון זון,

* * *

ס'וועט מיין אומרו קיינמאָל זיך ניט ענדיקן,
קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיך אין וועג,
פון מיין לויפן, פון מיין שטענדיקן
פליען לופטיק יאָנטעוודיקע טעג.

לויפן פיס אף לאַנקעס ווייטע, מונטערע,
פליט מיין קאָפּ אין בלאָוון אומעטום.
וועט קיינמאָל קיין פראָסט מיין לייב ניט ווינטערן,
וועט קיינמאָל ניט שילטן מיך די זון.

גייען כעוורע פריילעך און פאַרהאָרעוועט
טריפן הענט מיט יאָנטעוודיקער מי
אף די פעלדער קאָסען יידן קאָרענע —
איז מיר גוט פאַר יענע און פאַר די.

פון מיין לויפן, פון מיין שטענדיקן
זינגען יאַטן יאָנטעוודיק מיין שיר,
ס'וועט מיין אומרו קיינמאָל זיך ניט ענדיקן,
ווי א ברודער בלאָנקעט ער מיט מיר.

איזי כאריק.

# ווינטער.



.1

אײנער אלײן דאָ, אין נאַכט און אין שנײ
און שליטן שװײגט אויך שוין אַ מידער.
עפּעס איז מיר אַ שאָד הײנט מײן יונגער געשרײ
און װאַרעמע פרײד פון די גלידער.

איך װיל ניט, אַז שנײ, אַז אַ דאָרשטיקער שנײ
זאָל טריפן מיט שלאָף אין די בלוטן,
און איך זאָל זיך לעשן, װי װאַרעמע שויב
אין װײסן פאַרװײעטן כוטער...

לאָז איך דעם שליטן. אַ טראָט נאָך אַ טראָט.
עס צעגײט זיך דער שנײ אַף מײן שטערן...
אָי, לאָזט מיך דערטראָגן ביז נאָענטער שטאָט
מײן קאָפּ, װי אַ העלע לאַמטערן.

.2

אַ קילער און רויִקער שנײ
פאַלט, װי אַ פרײד אַף מײן שטערן.
מיר װילט זיך מער גאָרניִשט,—װי הערן:
עס פאַלט אַ פאַרשלאָפענער שנײ
אַף מײן הײסן און אָפענעם שטערן.

איך װײס ניט, װאָס מידקײט באַטײט,
נאָר הײנט בין איך עפּעס אַ מידער.
עס לײגט זיך אַ װײסקײט אַ נידער
שטיל אַזוי, נאָענט און װײט
אַף מײנע באַרויִקטע גלידער.

אַז די נאַכט װעט נאָך דויערן לאַנג
און דער שנײ װעט נאָך שיטן און שיטן,—
װעל איך אויסטאָן מײן פעלץ און מײן היטל:
זאָל אַ שנײ, װי אַ װײסער געזאַנג,
שיטן, און שיטן און שיטן...

.3

שוידערלעך-רויִק און װוּנדערלעך-העל.
אַ נאַכט ליגט אַף פראָסטיקע זײלן.
שטילקײט, און שנײ, און פאַרװײעטע װעלף
אַף װײסע פאַרגעסענע מײלן.

פראָסטיק, און הילכיק, און מוטערלעך-קאַלט,
אַ טוי קילט מיר צערטלעך די ליפּן,
גײ איך אַלײן דורכן זילבערנעם װאַלד.
סקריפּעט...—די טריט מײנע סקריפּען.

רויִק און קלאָר. און מײן װעג איז נאָך גרויס,—
צי װעל איך דערגײן ביז אַ כוטער?
זאָל אַ װאָלף מיר אַפילע אַנטקעגן אַרויס,—
בין איך אים אַ ברודער אַ גוטער...

איז גוט, װאָס אַן אײנציקן פראָסטן ציגאַר
טראָג איך מיט זיך, װי אַ שמײכל,
שטעל איך זיך אָפּ, איך פאַרויכער און װאַרט,
שװײג איך אין װײסקײט און רויכער...

שװײג איך אַזוי זיך מיט װינט און מיט פראָסט,
דער ציגאַר װערט אַלץ שטילער און שטילער,
און פּלוצלינג דערפיל איך,—אַ לעצטער פאַרדראָס
װערט קלאָר, װי דער מילכװעג אין הימל...

.4

איך בין צום טײך געקומען טרינקען רו
און אָפּגעבן זיך שמײכלענדיק דעם װינטער:
— נאַ, אָט האָסטו מיך! און זײ מיט מיר אַף—דו,
און טרינק מיך אַן מיט דײנע קלאָרע װינטן.

עס איז מיר הײס און אומרויִק אַזוי,
און הינטער מיר נאָך שפּילן זיך גאַלאָפּן,—
לײג מיך אויס אַ ברײטן אַפן שנײ
און לײג אַװעק דײן װײסע רו צוקאָפּנס.

װעל איך זיך ליגן דורכזיכטיק און קלאָר,
און ס'װעט פון מיר מײן שמײכל ניט פאַרשװינדן...
דערנאָך װעל איך זיך אופשטעלן און—גאָר,—
— און זײ-געזונט, מײן שמײכלענדיקער װינטער.

ב. אָרשאַנסקי.

# פֿייערדיקע וועגן.

צווייטער טייל פֿון ראָמאַן „אַף כוואַליעס“.

פֿאַר די, וואָס האָבן ניט געלייענט דעם ערשטן טייל פֿון ראָמאַן „אַף כוואַליעס“, גיבן מיר איבער אין קורצן זיין אינהאַלט. מיר זיינען אויך געניויט איבערצודרוקן געקירצט דעם לעצטן קאַפּיטל, ווייל אָן אים וועט פֿאַרן לעזער זיין זייער שווער צו פֿאַרשטיין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

---

האָדעוועס זיך אַף הפֿקר, באַ אַ צושראָקענער און פֿאַרטריבענער מאַמע, באַ אַ שיקער אַ טאַטן אַ קליין יאַטעלע נאַכקע. דעם טאַטן זייבעם זעט ער זעלטן, ווייל מערסטן טייל זיצט ער אין טפֿיסע. דעם ערשטן מאָל, ווען ער האָט דערפֿילט זיין טאַטן, איז דאָס געווען דאַן, ווען ער האָט מיט אַ באַזונדער ווילדקייט געשלאָגן די מאַמען. נאַכקע האָט זיך געוואָרפֿן באַשיצן די מאַמען, נאָר דער טאַטע האָט אים אָפּגעשליידערט מיטן פֿוס.



פֿון דאַן אָן קריגט ער אַ האַרץ אַפֿן טאַטן, אַ שטאַרקע סינע צו אים. די סינע אַנטוויקלט זיך און, וואָס פֿון מאָל אַלץ שטאַרקער, ביז עס טרעפֿט איינמאָל, ווען דער טאַטע צובושעוועט זיך, האַלט נאַכקע ניט אויס און שליידערט אַרויף אַפֿן טאַטן דעם גאַנצן שאַבעס-צוגעגרייטן טיש. נאָך דעם איז ער געניויט צו אַנטלויפֿן פֿון דערהיים.

און דאָ הויבט זיך אָן זיין וואַנדערלעבן. ער נעכטיקט דאָרט, ווו ער טאָגט ניט. אין אַ מניין באַגעגנט ער אַ כיידער-יינגל יוסעף, וואָס אָרדנט אים איין באַ זיין מאַמען אין קראָם. דאָ האַלט ער קיין פֿולע ניט אויס. און איינמאָל גאַנוועט ער צו באַ יוסעפֿן דעם פֿוטער און שטיוול און אַנטלויפֿט.

ער באַגעגנט זיך אַפֿן וועג מיט איינעם אַ קאַטערינקע יאַשקע. דער לעצטער נעמט אים אַריין צו זיך אין די הענט און פֿירט אים דורך דעם גאַנצן וועג פֿון אַ לאָבוס ביזן סאַמע דעק. אין מיטן דערינען שטאַרבט יאַשקע. ער בלייבט אַליין מיט דער קאַטערינקע און מיט אַ גוואַלדיקן ווייטאָק אין האַרצן איבער דעם טויט פֿון זיין בעסטן כאַווער. ער געפֿינט זיך קיין אָרט ניט. ער פּרוווט דערשטיקן דעם ווייטאָג פֿון עלנט אין דער ליבע צו אַ „לאַפּעפּע“ (אַ גאַסנמיידל). דאָס געדויערט אָבער ניט לאַנג. ער וואַרפֿט זי אַוועק. און אָן איינזאַמער וואַנדערט ער איבער שטעט און שטעטלעך.

איינמאָל, גייענדיק אַזוי איבער די גאַסן אין אַ קליינשטעטל, האָט ער פֿון ווייטן דערזען זיין רעבן. ער האָט זיך דערפֿרייט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דערהיים, נאָר דער רעבע דערקענט אים ניט. און דאָ פֿליט באַ אים דורך אַ געדאַנק, אינדערהיים וועט מען אים אויך ניט דערקענען. און אים ווערט גוואַלדיק נייגעריק די גאַנצע געשיכטע. ער וועט קומען אין זיין שטעטל, ער וועט אומגיין מיט דער קאַטערינקע איבער די גאַסן, ער וועט טרעפֿן זיין טאַטן. איצט האָט ער פֿאַר אים קיין מוירע ניט. און ער באַשליסט—ער גייט אַ היים.

געקומען איז ער צו זיין שטעטל אַזייגער 12 באַנאַכט. ער האָט באַשלאָסן, ער וועט דאָ, אין וואַלד, וואָס איז אַ וויאָרסט פֿון שטעטל, איבערנעכטיקן. מאָרגן פֿאַרטאָג, אַז די פֿורלייט וועלן אָנקומען, וועט ער מיט איינעם פֿון זיי אַריינפֿאָרן אין אָן אכסאַניע, ווו עס פֿאַרפֿאָרן אַלע קאַטערינקעס. דאָרט וועט ער דערגיין וואָס עס איז וועגן זיין היים.

און דאָ אין וואַלד ליגנדיק, קימאַט אַפֿן שוועל פֿון דערהיים, שלאָפֿט זיך אים ניט. ער דערמאָנט זיך פֿון זיין טאַטן, פֿון זיין מאַמען פֿון דעם גאַנצן אַרום.

.1

אין גליווער פֿון באַנאַכטיקער קאַלטקייט—

מיד געוואָרענע געדאַנקען און אָפּגעקילטע געבליטן באַרירט מיט אַ שטיקל צאַרט פֿליגל אַ פֿלאַטערנדיקער דרימל.

לאָזן זיך אַראָפּ ברעמען און עס קנייטש זיך אַף אַ זייט דער שלעפֿערדיקער קערפּער.

מיטאַמאָל—

שטילע, פּייכט-ווייכע טריט אַף ברעכיקע טרוקענע צווייגן און וואַלדנאָדלען. אַן איינגעהאַלטן שטילער אָטעם.

אָפּגעשטעלט זיך. מיט אַ האַלב-שעפּטשען אָנגעזאָגט:

— אָטאָ דאָ, אָבער שטיל...

און איינגעהאַלטן-פֿאָרזיכטיקע טריט צוריק.

— אַ?!

אַ ווײַלע פֿון פֿלאַטערנדיקער איימעדיקער שטילקייט און ווידער פּייכט-ווייכע טריט, און ווידער—

— אָטא דאָ, אָבער שטיל.

און צוגעגעבן:

— ניטריידן צווישן זיך.

און מינוטנווייז—

אַ דריטער,

אַ פֿערטער,

אַ פֿינפֿטער...

— וואָס קאָן דאָס זיין?

און פֿאַנטאַזיע, דערצויגן אַף וואַלד און פֿעלד, אַף ברעגן פֿון אָזערעס און טייכן, אַף הפֿקר-לעבן, באַשטימט:

— אַ באַנדע גאַנאָווים ריידן זיך צונויף וועגן אויסקוילן, באַראַבעווען דעם שוואַרצן גאַלעכס געזינד.

שטיל צוגעפֿאַלן צו דער ערד, פֿאַרשטעקט זיך הינטער אַ קוסט, צוקרימט אין איינגעהאַלטענעם נייגיר דאָס פּאָנים. בליציק-שטעכיקע אויגן דרינגען אַריין דורך פֿינצטערניש און ווילן באַמערקן.

— מוז זיין דעם „כאַלופּס“ כעווירע.

און אָנגעשפּיצט אויערן.

אַלץ מערער און מערער טרעשטשען נאָדלען אונטער איינגעהאַלטן פֿאָרזיכטיקע טריט און אַף פֿאַרגליווערטער נאַכטלופֿט באַוועגט זיך אַ שטיל שעפּטשען:

— שוין אַלע דאָ?

— ניין נאָך.

— געראַפֿט גיין דורך אַנדערע וועגן.

— מע ווייס אָן דיר.

ווערט גערדיכט. און אין נאַכטיקער שטילקייט פלאַטערן שטילע, איינגעהאַלטענע באַוועגונגען פון מענטשן און שטילן שעפּטשען צווישן זיך.

— ‏אַזוי פיל מענטשן?

און ווען עס דערגרייכט אַ האַלב-שטומער קוויטש פון אַ פרוי— איינגאַנצן צוטומלט:

— נעקייוועס אויך?..

קלאַפּט גיך און שטאַרק דאָס האַרץ און צומישטע בלוטן צוטומלען פלינקע געדאַנקען:

— וואָס אי' דאָ?..

לאַנגע אומענדלעכע מינוטן, און אין זומערדיקער נאַכט הויבט אָן שיטערער ווערן די פינצטערניש.

בלייכט זיך ערגעץ-ווו אַ הימל און דורך וואַלד-דאַך און וואַלד-פאַרקאַן דרינגט אַריין אַ קוים באַמערקבאַרע בלאַסקייט.

ווערן מערקבאַר סילועטן פון פרויען און מענער.

און אַסאַך...

— אַזוי פיל גאַנאָווים? און וואָס טוען דאָ נעקייוועס?

— עפשער גאָר „לאפעפעס״?...

נאָך ליכטיקער, און אַף בלאַס-גראָען פאָן בלייכן זיך פענימער.

און ער באַמערקט:

די אַקושערקע, דער לערער, די ציינדאָקטערקע...

— וואָס טוט זיך עס דאָ?

און באַ טיפן אַריינדרינגען און פלינקן לויפן מיט ערשטוינטע אויגן איבער פענימער באַמערקט ער:

לייבקע דעם שמידס, סאָרקע די שניידערקע...

— מיט דער אַקושערקע? מיטן לערער?..

קוקט נאָך טיפער און — — —

— אַ-אַ!

ביילקע, זיין שוועסטער!..

פאַרקוועטש בייז אַ שטומען קרעכץ צווישן די ציין.

— וואָס טוט זי דאָ?

ווירבלען בלוטן, שווינדלען געדאַנקען:

— עפּעס איז דאָ ניט גלאַט!

ווערט נאָך ליכטיקער, קימאַט טאָג.

און באַלד—

צורוקן זיך קוסטעס און עס באַווייזט זיך שטיל—

אַ הויכע פלייציקע פיגור פון מאָטע דעם גאָלדשמיד, און נאָך אים—אַ בלאס-בלאָנד באָכערל אין אַ שוואַרץ העמדל מיט לאַנגע, בלאָנד-זיידענע האָר און בלאַסן שמייכל אַף דינע ליפן.

— גוט מאָרגן, כאַווירים.

— „כאַווירים״?... עס איז עפּעס...

דער שמייכל אַף בלאַס-בלאָע ליפן באַקוקט מילד דעם אוילעם און פרעגט:

— מע קאָן שוין אָנהויבן?

— יאָ.

אַ פלינק, פאַרזיכטיק-איינגעהאַלטן און שטיל צוזעצן זיך אַף פייכטע גראָז, און אַלעמענס אויגן, אָנגעשטרענגט, ערנסטע און אויסגעשטרעקט-שפּיציקע, קוקן מיט נייגיר אַהין, צום אָפּגעהאַקטן בוים.

אַ ווייל'ע פון שטומער, איינגעהאַלטענער שטילקייט.

אַ ווייס-בלוילעכע אָדערדיקע האַנט גייט לאַנגזאַם איבער גלאַטזיידענע האָר, און גרויסע, גראָ-בלאָע אויגן קוקן אָנגעשטרענגט אַהין, צום רויטן הימל פון פאַר זון-אויפגאַנג.

דרינגען אַריין פרישע, נאָר וואָס באַנייטע שטראַלן אין פלאָנטער פון ביימער, און אַ גאָלדענער שטויב באַזוימט גראָ-בלאָע אויגן אַף בלאַס לענגלעך פאָנים.

און אין פאַרטאָגיק-לעגענדארער שטילקייט, פון דינע בלאַס-בלאָע ליפן—הילכן עמעסן נאָענטע, אָפּטמאל עפשער אין שוידערלעך-בייזן לעבן אַליין געפילטע, אָבער ניט דערפילטע, דורכגעפלויגענע אין געדאַנק, אָבער קיין מאָל ניט געקומענע צום וואָרט.

ווערטער האַרט-שטאָלענע פאַלן אַפן האַרצן, ווי שטיינער אין טייך, און רונצלען דעם גליווער.

עס טרייסלען אייוורים און צושרעקטע געהירן קנוילן אויס געדאַנקען פון ערגעץ געשלאָפענע געפילן.

יעדעס וואָרט דערמאָנט אַף בילדער פון קינדהייט, פון אַליין איבערגעלעבטן שוידער. פון דערנידערונגען, פון ברוטאַלער כוצפע... דערמאָנט זיך:

אַ פייסעכדיקער נאָכמיטאָג. דאָס ערשטע מאָל אַליין אַוועקגעטראָגן די „קלאַדקעס״ און אַוועק אין „מאַרק.״

און צום ערשטן מאָל אין קינדישן לעבן דערזעען: אַ גרויסע, גרין-געפאַרבטע שטוב מיט ווייסע לאָדן און אַפן גאַניק—אַ שיין אויסגעפוצט ייִנגעלע אין גלאַנציקע שטיוועלעך און פייסעכדיקן נייעם גאַרניטערל.

פאַרשעמט זיך פאַר צולאַטעטע שמאַטעס אַף קראַציקן לייב, פאַר שקראבעס אַף באָרוועס-שמוציקע פיסלעך און צושמאַטעט היטל, אַרויפגערוקט איבערן די אויערן.

אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מיט קינע געקוקט אַף צוגעפוצט ייִנגעלע.

— ווילסט ניס? פייסעכדיקע ניס?

און באַ אַ פאַרשעמטן שטילן שאָקל מיטן קאָפּ אַף יאָ, פאָרגעלייגט:

— קום אַהער, איכל געבן.

אַ קלאַפּ אין האַרצן. מיט ניט זיכערע טריט אַריבער דעם שאָסיי און, שעמעוודיק, מוירעהאָבנדיק, אויסגעשטרעקט די האַנט.

אַ פאַטש איבער דער האַנט, אַ זעץ מיטן געפוצטן שטיוול אין זייט אַריין און הילכיק צולאַכט זיך — — — — —

טוט אַ ברען צווישן די קוסטעס דאָס האַרץ און דער גאַנצער קערפער האָט אויפגעציטערט אין באַליידיקונג.

— און וויפל כאַדאָשים אַף ברויט מיט קוואַס? וויפל שאַבאָסים אָן כאַלע?

און באַלד—א ניי בילד.

— ליפע דעם שוסטערס צוויי „בריליאַנטן״ פאַרברענט געוואָרן אין איין טאָג איבער דרייסיק קאָפּיקעס אַף אַ דאָקטער.

אַראָפּגעשלונגען אַ קלאָלע און פלינק אַריבערגעשפרונגען:

יעכיעל, אַ גלאַטער, רוּיִק-פֿעטער, זאַט-געפּאַשעטער פּראָצענטניק באַ אַ רייך-געגרייטן טיש.

און נעבן טיר, ווי א בעזים אין ווינקל—די מאַמע איינגעקאָרטשעטע האַכנאָעדיק בעטלט:

— לייט אַ פֿינפֿרובלדיקע—עפּשער וועט גאָט העלפֿן? אַז איך בין פֿאָרט געשטראָפֿט פֿון גאָט מיט אַזאַ מאַן. נו, וואָס זאָל איך טאָן אָט מיט דידאָזיקע קינדער, אָנטאָן זיי אַ שטיין אַפֿן האַלדז און וואַרפֿן זיי אין טייך?

און אַף זודיקע ווערטער—אַ קאַלטער כוצפּעדיקער טנטפֿער:

— קינדלט מען ניט, אַז מע איז אזעלכע קאַבצאָנים.

אַ קריק בייז מיט די ציין און פֿאַר די אויגן פֿלאַמט אוף—גראָב-געפּאַקטע און אָנגעצויגן-פֿאַרגאַרטלטע„קנעפּלעך" מיט אויסגעדינט-סאָלדאַטישע וואָנצעס דרייען זיך אַרום בייז איבער שטוב און קלייבן לייכטער, שטייסלעך, קופּערנע פֿענדלעך. און אַ צוקלעמטע מאַמע רייסט די האָר פֿון קאָפּ און ווילדע קוילעס:

— נאַט, נעמט, שניידט מיין לייב! פֿון וואַנען זאָל איך אייך נעמען צינסן?..

פֿון אינעווייניקדיקן שטורעם—אַ טרייסל מיטן גאַנצן קערפּער און פֿאָרזיכטיק אַ ריב דעם קאַלט-נאַסן שטערן.

און אַף אָפּגעהאַקטן בוים שטורעמט:

— איז מען הילפֿלאָז. ברעכט מען אייגענע טעלער, אייגענע שויבן. גיסט מען אויס דעם קאַעס אַף אייגן ווייב. פֿאַרשיקערט מען דאָס לעצטע שטיקל ברויט פֿון אייגן קינד.

— עמעס!

און באַלד דערמאָנט זיך:

איינמאָל, נאָך אַ געפֿאַלענער בעהיימע, נאָך אַן אָפּגעשריבן קישעלע, פֿון שוידערלעכער אומבאַהאָלפֿנקייט—אַ צוגליטער צאָרן, אַ פֿינצטערע ציינקריצעריי און געביילטע פֿויסטן זעצן צאָרנדיקווילד און בייז-צורייצט צוהויקערטע, איינגעקאָרטשעטע מאַמע.

און בוילעט קנוילט זיך אויס אַ נאַקעטער, נאָך אין געפֿיל ניט באַזעצטער, נאָך ניט אינגאַנצן פֿארשטאַנענער עמעס:

— איז וואָס איז דער טאַטע שולדיק? — — — —

— — — — — — — — — —

צוצויגן זיך פֿאַרגליווערט, ווי אַ פלאַסט, הינטער קוסט. פֿעסטע הענט מיט אויסגעבויגן-שפּיציקע עלנבויגנס האלטן פֿעסט פֿארכאפּטע שטיקער גראָז. אַ בלאַס פּאָנים מיט בייז-צורייצטע אויגן איינגעגעסן זיך אין דינע בלאַס-בלאָע ליפּן. דאָס היטל—פֿארוקט אַפֿן קאַרק און באַוועגט פֿון שוואַרצע, האַרטע, אומרויִקקאפּוירוקע האָר.

— ווער איז ער?

און אַ שטורעם און אַ שליידער אין דער הויך אַף קיינמאָל ניט געוועזענע פֿליגלען.

— וואָס איז דאָ? ווער זיינען זיי?

און מיטאַמאָל—

אַ שניידיק-שאַרפֿער פֿייף פֿון צווישן צוויי פֿינגער,

אַ צווייטער,

אַ דריטער...

און אַ בלאַס צושראָקן פּאָנים איבער גרינע קוסטעס זאָגט אָן!

— פּאָליצײ רינגלט אַרום דעם וואַלד.

און פֿאַרשווונדן.

אַ הויב צושראָקן פֿון די ערטער און אומאַנגענעם-שעמעוודיק געוואָרפֿן אַ בעטנדיקן בליק אַף בלאַס-בלאָע ליפּן.

אָנגעצונדן זיך אַ בייז-רויטע פֿאַרב אַף בלאַסע באַקן, אַ שטילער קריץ מיט די ציין און איינגעהאַלטן-פֿאַרביטערט דורכגעזייט:

— רויִק און געלאַסן פֿאנאנדערגיין זיך. די „מאצעס" צוּוואַרפֿן אין די קוסטעס. קיינע זאַכן ניט. אַזוי זיך געגאנגען שפּאַצירן. איינער ווייס ניט פֿון דעם אַנדערן.

רויִק אַראָפּ פֿון בוים. אַ ווונק געטאָן מאָטען און שטיל אַוועק צווישן קוסטעס.

—נאכקע—פֿלינק אַ נעם דאָס שפּילקעסטל אַף געוויינטע פלייצעס און אַוועק אַף באקאנטע וועגן אין וואַלד.

דורכגעשניטן עטלעכע קוסטעס אין טיפֿקייט פֿון וואַלד אַראָפּ אין אַ גראָבן און פֿון ווייטן דערזעען—

אַ בלאָנדזשענדיק זוכן פֿון גראָ-בלאָע אויגן.

אַ זעץ ווייטאָקדיק אין הארצן.

— אַי!

אַ שפּרונג. לאנגע, איינגעהאַלטענע טריט און מיט אַ ציטער אין האַרצן אַ כאַפּ פֿאַר דער האַנט:

— ניט אַ הער גייט איר. דער וועג פֿירט אין שטאָט. פֿון דאַנען קאָן קומען פּאָליציי...

— ווער זייט איר?

און אַ שטרענגער קוק אַף נאכקען.

— שרעקט זיך ניט פֿאַר מיר. איך האָב געגעכטיקט אין וואַלד, געהערט, ווי איר'ט גערעט...

און פלינק אָנגעוויזן.

— לאָזט זיך אַראָפּ אָטאָ דאָ אין גראָבן. בויגט זיך איין, גייט גלייך צו די קאָרן, דאָרט באַהאַלט זיך. איך וועל באַלד קומען צו אייך.

און פֿלינק אַ שמוגל צווישן די קוסטעס

ליגט שטורעמדיק אַ האַרץ אין גראָבן, ציין בייסן בייז אַ שטיק ליפּ, און צושרויפֿטע גלידער נעמען אוף האַרץ-רייסנדיקע קוילעס פֿון געפּייניקטע הערצער.

— אַ—אַי, אַ—אַי!

— לאָזט, שלאָגט ניט!

— זשידאָוויאָ, קראַמאָלניקי!

— ניט וואַג, די אויגן ל'איך ארויסדראַפּען!

— קעגן קייסער, אין דער מאַמען דיר אריין!

שניידט די פֿרימאָרגנדיקע לופֿט דער שווישטש פֿון נאהאַיקע און שוידערלעכע קוילעס פֿון קריצנדיקע הערצער.

— מערדער! בלוטזויגער!

— דאָס מויל פֿאַרשטאָפּ, נעקיִיווע!

— מיר וועלן אייך וויזן!

און אַ שאָט מיט פּעטע, הייזעריקע זידל-ווערטער פֿון פּאָליציילייט.

— ניט לויף, איך שיס!

– שיס! הארגע! אַלעמען ט׳איר ניט צושיסן!

אַ קנאַל—און צושויבערטע לופט צופליט זיך מיט הילכיקן קנאַק איבער בוימער און רוים!

אַ שטורעמדיקער שאָט פון צוטומלטע מענטשן איבער צו־שראָקענעם וואַלד און אַ געדיכטער טופען פון גאָראָדאָוויעשע שטיוול אין לויפן נאָך זיי.

ברענט דאָס לייב, און אין האַרצן צוגליט זיך זודיק אַ שטור־מישער געפיל:

– פֿארברענט זאָלט איר ווערן, „מענטעס״! *)

אָנגעטאַפּט אין אומבאהאָלפנקייט אַ גרויסן פינישן מעסער:

— אָ, אַז איר וועט זיך אַמאָל ארייַנכאַפּן צו מיר אין די הענט!..

ארויסגענומען, אַ געשמאַקן גלעט געטאָן איבער שאַרף.

– ט׳שפּאַצירן אין אייערע בייכער!

און מיט אַמאָל־אַ צי דאָס האַרץ אַהין, צו הויכע, געל־גרינע קאָרן באַם ברעג פון אָזערע:

ווער ווייס, וואָס איז מיט אים?

און דערפילט אַ מאָדנע וואַרעמקייט אין האַרצן און אַ מע־שוגעדיקע אומרויִקייט.

— טאָמער האַרגענען זיי אים?..

ווערט ענג און אין אומבאהאלפנקייט וועקט זיך אין הארצן אינסטינקטיוו אַ מין געבעט:

– גאָט, נאָר אים זאָלן זיי ניט טשעפּען... — —

— — — — — — — — — — —

פֿאַרשווינדט דער לעצטער ווײ־געשריי פון געפּאַסעוועטן לייב.

פֿאַרשווונדן די לעצטע קלונגען פון „מענט״ישע שפּאָרן, און זידל־ווערטער.

שטייט דער פרימאָרגנדיק־פרישער וואַלד נאַיִוו־רויִק, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען, און שטרעקט זיינע באַקרוינטע קעפּ צו וואַרעמע, זוניקע שטראַלן.

נאָך אַ ווײלע אָפּגעוואַרט, זיכער געוואָרן, אַז די מענטעס זיינען אַוועק. און מיט אַ קלאַפּן אין האַרצן אַרויפגעזעצט די קאַ־טערינקע אַפן מיד געוואָרענעם קערפּער.

אַ ווײלע שטיין געבליבן, פאַריכט דאָס רעקל, פאַרשפּילעט די קנעפּלעך, צום ערשטן מאָל דערפילט די לאָבוסאָוואטעקייט פון פאַטלע און קרום־אַרופגערוקטן היטל. פאַריכט די האָר, עטלעכע מאָל איבערגעשטעלט זיך פון איין פוס אַף דער צווייטער, ווי ער וואָלט ניט געקאָנט באַשליסן צו מאַכן די ערשטע פאָר טריט

און צום ערשטן מאָל דערפילט אַ באַזונדער אָפּשיי פאַרן קליינעם דאַרן פיגורל, וואָס ליגט צווישן געל־גרינע קאָרן און וואָס ער האָט קיין מאָל ביז אַהער ניט געזען.

געטראַכט, ווי זאָל ער מיט אים אָנהויבן ריידן, וואָס ער זאָל אים זאָגן. געפּרוווט זוכן ווערטער, וואָס זאָלן פאַסן פאַר „אַזאַ״ מענטשן. — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

*) מענטעס—אַף גבייוויש לאָשן: פּאָליציילייט.

קוקן אויגן שאַרף צו דער אָזערע און זוכן שפּורן. ניטאָ. מיטאַמאָל —

— אָט בין איך... איר ווייסט ניט, מ׳האָט פיל אַרעסטירט? און פון צווישן קאָרן—אַ בלאַס, מיד פּאָנים און צושוי־בערטע האָר.

— איך ווייס ניט, דאכט זיך, אַ היפּש ביסל...

אַרויס פון די קאָרן, אָפּגעטרייסלט שטויב פון קליידער, פֿאַרשאַרט די האָר, און גראָ־בלאָע אויגן קוקן ברודערלעך־וואַרעם:

— איר זייט פון דעם שטעטל? איך האָב פריִער געמיינט, אַז איר זייט...

און צוצויגן זיך אַ ברייטער כאַווערשער שמייכל.

צוטומלט געוואָרן פון ווייכער ברודערלעכער שטימע, פון כאַווערשער באַציִונג און צום ערשטן מאָל דערפילט —

— לייגן טאָר מען ניט.

און געענטפערט מיט ציטער אין שטימע:

— אַ היגער, אָבער שוין לאנג פון שטעטל.

און קעדיי צוקריגן פולקומען צוטרוי, צוגעגעבן:

— מיין שוועסטער איז דאָ אויך געווען...

אָפּגעהאַקט זיך און אין צוטומלונג פאַרענדיקט:

— מער ניט, כ׳ווייס ניט, צי מ׳האָט זי אַרעסטירט, צי ניין.

אַ גלעט מיט אַ פּאָר פריילעך־צוטרוילעכע אויגן:

— אייער שוועסטער? ווער איז זי?

ענג געוואָרן אפן האַרצן, געשעמט זיך אָנצורופן דעם נאָמען פון טאַטן דעם גאַנעוו און שטאַמלענדיק געענטפערט:

— מיר וואָינען אַפן בייסאַלמען... מיין טאַטע...

— אַ, סימקע?

— זי הייסט ביילקע.

אַ שמייכל געטאָן און גענומען צוטרוילעך פארן קנעפּל פון מאַרינאַרקע.

— ווי טאַטע־מאַמע האָט איר א נאָמען געגעבן ווייסן מיר ניט,— באַ אונדז הייסט זי סימקע די שוואַרצע.

אַ וואַרעמער ציטער איבער אַלע גלידער פון נעמען פאַרן קנעפּל, נעענטער געוואָרן דורך „באַ אונדז הייסט זי סימקע די שוואַרצע״, דרייסטער דער געדאַנק און געוואָלט פרעגן, ווער זיי זיינען. נאָר ווייסע אָדערדיקע הענט האָבן גענומען פלינק עפּעס זוכן אין אַלע קעשענעס און בלאַס־בלאָע ליפּן האָבן ערנסט געזאָגט:

— איך וויל אייך בעטן, איר׳ט איבערגעבן איר אַ צעטעלע, אויב מ׳האָט איר ניט אַרעסטירט. זאָלן זיי כאָטש וויסן, ווו איך בין אַהינגעקומען.

און באַלד—דאַרע אָדערדיקע הענט שלעפּן פלינק ארויס אַ צוקנייטשט שטיקל פּאפּיר מיט א בלייפעדער, לייגן דרייסט ברו־דערלעך־כאַווערישּ דאָס פּאפּיר צו נאכקען אף ברוסט און שרייבן פלינק.

ברענט פון אָנגענעמקייט דאָס לייב אונטער פלינק באַווע־גנדיקע זיך פינגער, צובריטערט זיך דאָס האַרץ פון מאָדנער אינערלעכער הנאָה, און ברודערלעך־נאָענט ווערט אָט דאָס קליי־נע דאַרע פיגורל.

באַזעצט זיך אין האַרצן אַ באַזונדער גרייטקייט צו טאָן, וואָס דאָסדאָזיקע פיגורל וועט כאַוועריש באַפוילן.

שרייבט און רעט:

— איך קאָן שוין אַהער אין שטאָט מער ניט גיין, איך גיי איצט אוועק אין אַן אנדער שטאט.

פּליק צונויפגעלייגט דאָס פּאַפּירל.

— דאָס וועט איר אָפּגעבן סימקען, אָבער קיינער זאָל ניט זען.

איין סעקונדע אָפּגעוואַרט און צוגעגעבן:

— און ביכלאַל—פּאַסעך שין—שאַ... קאָנספּיראַציע הייסט דאָס אף אונדזער לאָשן.

שלינגט יעדעס וואָרט, זאַפּט איין און פאַרבאַהאַלט אין זיקאָרן יעדע באַוועגונג, וויל פאַרגעדענקען יעדן קנייטש פון פּאָנים.

אופגעכאַפּט און פאַרפּיקסירט עטלעכע אויסיעס פון קיינמאָל ניט געהערטן וואָרט:

— קאָנספּי...

געמאכט דעם לעצטן קנייטש פון צעטעלע און איבערגעגעבן.

— נאַט, אויב מ'האָט זי נאָר ניט אַרעסטירט.

צוגענומען דאָט צעטל, אריינגעלייגט אין קעשענע, א טאַפּ געטאָן, צי עס ליגט גוט. און באלד—אומבאהאָלפן א דריי געטאָן זיך און אַ הוסט געטאָן.

— גוט. איך וועל איבערגעבן.

און געבליבן שטיין, ניט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן.

— נו, זייט געזונט, איך מוז גיין.

און אויסגעשטרעקט אַ דארע אָדערדיקע האנט.

צוטומלט-פליק אַ נעם געטאן די האנט, שטארק אַ קוועטש געטאָן און באַלד דערשראָקן זיך פאַרן שטארקן קוועטש.

— זייט געזונט...

געפילט, אַז ער דארף עפּעס זאָגן, נאָר ניט געוווּסט וואָס. מעשונע אָפּגעהאַקט זיך.

— זאָגט זיי דאָרטן אָן, אז זיי זאלן ניט אראפּפאלן בא זיך. עס וועט קומען א צייט, אז מיר וועלן די מערדער האקן די קעפּ איינציקווייז.

און געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס.

האָט גענומען קלעמען דאָס הארץ, וואס ער גייט אַזוי גיך אוועק, און פליק האָט א בליק געטאן אַ געדאנק:

— גייט אזוי אָרעם אָנגעטאָן.

צוטומלט א הוסט געטאן:

— עפּשער... האָט קיין פאריבל ניט... עפּשער דארפט איר האָבן געלט?

פון ווייטן געשיקט א הארצלעכן שמייכל און פריילעך אַ מאַך מיט דער האַנט:

— מיר, כאַווער, דארפן ניט האָבן קיין געלט, אַף אַ פּאָר פונט ברויט איז דאָ?—איז גוט. צו פאַרנאַכט וועל איך זיין, ווו איך דארף, און דאָרט זיינען ווידער פאראן כאווייריִם.

אַ נעם פּליק דאָס היטל, אַ דריי אין דער לופטן,

— נו, זייט געזונט, גריסט אַלעמען.

און פאַרשווונדן אַף קרומען וועגל אין טיפן וואַלד — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

שפּאַנט לייכט און פריידיק איבער שפּיציק-שאַרפע שטיינדלעך פון שאָסיי, אויס מידקייט, באַפליגלט פון נייע געפילן, וואָס וויסן ניט, ווי איינצוזעצן זיך אין האַרצן.

צעשפּרייט זיך אַ האַנאָע-געפיל איבער אַלע גלידער און — אויגן הויבן אָן צו זען ווייט-ווייט, און מויעך איז צוטומלט פון שווינדל פון געדאַנקען פון איבערגעלעבטער נאַכט, פון געהערטע רייד פון בלאס-בלאָע ליפּן.

— א וואָילער יאַט...

טוט באַלד אַ טאַפּ אין קעשענע דאָס צעטעלע, טוט אים וואַרעם אַ נעם אין האַנט, ווי ער וואָלט דורך אים וועלן איבערגעבן אַ האַרציקן גרוס דעם, וואָס האָט עס געשריבן.

דערפילט אינסטינקטיוו דעם גרויסן סאָד, וואָס ליגט אין צעטעלע און אין דער פאַרגאַנגענער שטורעמדיקער נאַכט.

ווערט ציטעריק-פריידיק אַפן האַרצן, וואָס קיינער ווייס ניט, אַז ער ווייס. שפּאַרט ארויס אַ היץ אין גרויסע טראָפּן שווייס אַף צופלאַמטן פּאָנים, באַזעצט זיך אַ גאַדלעסדיקער געפיל:

— אָט זיי, די גאַנצע שטאָט, ווייסן ניט, און איך ווייס.. און פּליק —

— קאָנספּי...

ווערט היייליק דאָס וואָרט און פאַרדראָסיק אַף זיך, פאַר ניט אופגעכאַפּטע איבעריקע אויסעס...

— קאָנספּי.. ווי ט'ער עפּעס געזאָגט?..

ווערט אינטים-נאָענט דידאָזיקע נאַכט, די מענטשן, די שוועסטער...

גיט אַ שניט אין דערמאָנונג אַף היים דאָס האַרץ, צוצווייט דער געפיל: וואָלט זייער וועלן זען די שוועסטער און באַ איר דערגיין, ווער זיינען זיי, וואָלט אָבער נ י ט וועלן האָבן דעם טומל פון באַגעגעניש מיט פאַרפאַלענעם זון.

ווערט ענג אַפן האַרצן פון אָנקומענדיקע מאָמענטן און אים באַהערשט אַן אומבאַהאָלפענער געפיל:

— וואָס טוט מען דאָ?

טוט בייז אַ מאַך מיט דער האַנט:

— אַ, וועל איך ניט, גיין אַ היים, ווער דאַרף זי, ווער?..

אָבער באַלד:

— דאָס צעטעלע... מע מוז איבערגעבן — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

ווי אַ שטורעם —

איבער צוקרימטן, איינגעקאָרטשעט-איינגעשלאָפענעם שטעטל דורכגעטראָגן זיך —

אַ געדיכטער קלאנג פון שפּאָרן און הייזעריק-צושוויצטע און מידע, גראָב-פּאָליצעישע זידל-ווערטער, קלאַפּן איבער פעסט צוגעמאַכטע לאָדן און צוקרימט איינגעשלאָפענע טירן, וועקן און זאָגן אָן:

— אַרעסטירט די כעווריע!

פראַלן אויף ציטעריקע פֿאַרשלאָפֿענע לאָדן, און צושראָקן בלאַסע און געלע פענימער צוקנייטשן זיך אין גרויסע, אָפֿענע מיילער אונטער אופֿגעהויבענע פֿאָרהאַנגלעך פֿון צוגעמאַכטע פֿענצטער.

אין איבער זיי —

צושויבערטע יידענעס שאָקלען באַדויערנדיק מיט פוך-גראָע קעפּ:

— אָט ווען אַף זיי איז געקומען דער הינטישער סאָף.

שטורעמדיק אופֿגעהויבן דאָס גאַנצע שטעטל פֿון איינגעוואַרעמטע געלעגערס און האַלב נאַקעטע און צושפּילעטע אַרויסגעטריבן אין גאַס.

קלייבן זיך צושראָקענע רעדלעך אַף אופֿגעשטורעמטן שאָסיי, קוקן זיך מיט מוירע אַרום און שעפּטשען:

— זיי וועלן פֿאַרפֿאַלן ווערן אין אסטראָג!

— אָ, האָב איך מוירע, אַז זיי זאָלן ניט אַוועקגיין „אין לאַנגן וועג”...

— נאָך ערגער, איך וויל דאָס פֿון מויל ניט אויסריידן...

— מ׳זאָגט, אַז...

פֿון אַ זייטיק געסל — אַ קער אַפֿן שאָסיי ברייט און האָפּערדיק אַן אונטערגעגאַרטלטע, קיילעכדיקע פיגור פֿון אַ „קנעפּל”. שפּאַנט גאַיווערדיק ברייט איבער שאָסיי, און גאַדלעסדיקע באַוועגונגען זאָגן:

— שפּילט זיך מיט אונדז! מירן זיי ווייזן...

צוקריכן זיך צושראָקן האַכנאָעדיק רעדלעך איבער הויפֿן און כניפּעדיק אַפֿן קאָל געזאָגט, ס׳זאָל דערגיין צו „קנעפּלשע” אויערן:

— רעכט אַף זיי, זאָלן זיי ווייטער וויסן...

און פֿאַרשווונדן מיט ציטער אין האַרצן הינטער טויערן —

— — — — — — — — — — — — — — —

אַף אַכסאַניע —

צובונדענע, צוקאָרטשעטע און פאַרשמאַכטע יידן און צוקנייטשט-צוכראַסטעטע און פֿאַרשלאָפֿענע יידענעס גייען אום צוטראָגן איבערן שטוב און וואַרפֿן מיט איבערגעשראָקן צוטומלטע ווערטער:

— האָט מען זיי געשלאָגן, האָט מען זיי געהאַרגעט!..

— דעם ציינדאָקטאָר אויך?..

— וואָס דען, מע וועט קוקן אַף זיין שיינע צורע!

— אַז עס איז דאָך ניט שאַיעך, אַז מע האָט זיך אויסגעטאָן פֿון אַלץ!

— „שוואַבאָדע” ווילט זיך זיי, „שוואַבאָדע”... אָט האָסטו דיר „שוואַבאָדע”...

— העפּקיירעס! וואָס טוען באָכערים מיט מיידלעך, אַז מע קלייבט זיך צונויף באַנאַכט, אין וואַלד?..

— מע זאָגט טאַקע, אַז מע האָט זיי געכאַפּט בא דער מאַיסע...

ברענט דאָס לייב פֿון צאָרן און בייזקייט אַף ניוועדיקע ווערטער, און צום ערשטן מאָל ליגט ניט געוויינט שטום און האַלט איין גיפטיקע זידלווערטער, וואָס רייסן זיך פֿון האַרצן:

— קאָנספּי...

און באלד אופֿגעציטערט פֿון אַ הייזעריקן קאָל פֿון אַ מארק-יידענע:

— איר קאָנט זיך שוין פֿאָרשטעלן, וואָס פאַר א כעוורע דאָס איז, אַז אווראָם-כאַים דעם גאנעווס טעכטערל איז אויך צווישן זיי.

אַ שניט איבערן האַרצן, א שטראָם אופֿגערייצטע בלוטן אין פּאָנים אריין און בייז ארויסגעוואָרפֿן:

— זאָל שוין אייך זיין געגוג צו דערציילן מאיסעס, גיט א גלאָז טיי.

און שאַרף א קער געטאָן זיך מיטן פּאָנים צום פֿענצטער:

ווער ווייס, עפּשער וועט זי מיך אמאָל דערקענען —

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

ליגט נאָך טיי אף סקריפּעדיקער סאָפֿקע און כּאשליסט:

—פארנאכטלעך, אז עס וועט זיין האַלב טונקל, גיי איך מיט קאטערינקע פארביי שטוב, וועל זיך שטעלן שפּילן און דאָרט...

ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן זיך, וואָס עס וועט „דאָרט” זיין, נאָר נאָך פיל טראכטן באשלאָסן:

— דאָרט וועלן מיר זען...

ברענט אין פיבער א לאנגן זומערטאָג. פרוווט זיך ווייזן אין מארק, הערן, וואָס טוט זיך אין שטעטל, דערגיין ווו איז ערגעץ דער טאטע, וואָס טוט זיך מיט דער שוועסטער, האָט אָבער מוירע, מע זאָל אים ניט דערקענען.

שטעלט זיך ניט לאנג אָפּ בא אופגערודערטע גאסנרעדלעך, הערט זיך איין, שמעקט און באגעגנט ניט קיין נאָמען פֿון שוועסטער.

פרוווט גיין איבער זייטיקע געסלעך אהין, צו אונטערטייך, א קוק טאָן פֿון ווייטן אף צוקרימט הייזל.

קלאפט שטארק דאָס הארץ בא באגעגענישן מיט באקאָנטע געסלריקע יידן, מאכט גיכע טריט, זיי זאָלן זיך ניט איינקוקן אין אים און ניט דערקענען.

באגעגנט זיך מיט „מענטעס”, באהאלט א בייזן קריץ מיט ציין און א שטורמישן פארלאנג אריינפאָרן מיט א מעסער אין זייט אריין.

טוט אריין פלינק א האנט אין קעשענע און א טאפ דאָס צעטעלע.

— קאָנספּי...

בליצט פלינק א געדאנק:

— מענטע זאָל גאָר ניט כוישעד זיין, אז איך...

און באלד פֿארפֿעסטיקט זיך די מוירע:

— גייט עפעס ארום א פרישער מענטש איבער שטעטל און טוט גאָרנישט:

און פארקערט אין אכסאניע — — — —

— — — — — — — — —

געלייגט זיך נאָך מיטאָג גלאט אזוי אין בעט אריין, דער טאָג זאָל זיך אזוי ניט ציען, געפרוווט פארמאכן די אויגן, צוטרייבן

די מעטושטעטע געדאנקען, עפּשער וועט זיך איינגעבן נאָך ניט געשלאָפעגער נאכט און מידן טאג כאפּן א דרעמל.

ליגט קרעכצנדיק אין בעט, און צו אויערן דערטראָגן זיך אָפּגעריסענע מאיסעס פון פארגאנגענער נאכט, געבאָרן אין שטעטלש באלעבאטישער פאנטאזיע.

איז בייז פון „געבאקענע ליגנס”, לאָזט אראָפּ אונטער דעקע א פאר זידלווערטער. האלט ניט אויס, שטייט שטורעמדיק אוף פון בעט, טוט זיך אָן, שפאנט אוועק איבער שטוב. טרעט שטארק, מיט האנאָע ארוף א דערציילנדיקן יידן אף צווייטאָקטער מאזאלע.

רייסט זיך ארויס א קרעכץ פון צושויבערטער באָרד, און אף אופגעהויבענעם טומל הויך אפן קאָל געזאָגט:

— באלעבאָסטע, וואָס קומט אייך?

באצאָלט, ארופגעלייגט די קאטערינקע אף די פּלייצעס און אָן א זיי געזונט ארויס פון שטוב.

— וועל איך זיך ערגעץ אומדרייען איבער שטאָט א שאָ ציים!

— — — — — — — — — —

ברעכן זיך שטראלן פון פאַרגייענדיקער זון איבער שפּיצן פון בוימער ווייט אפן האָריזאָנט, און א קאלטער שוידער צוגייט זיך איבער גלידער און שרומפּט איין דאָס הארץ:

— ווי וועט זיין?

גייט דורך פארשיידענע קרומע געסלעך צום קלויסטערסאָד, וו עס לאָזט זיך אראָפּ אין דער טיף א צוהויקערטער וועג צו קלאדקעס.

א כאָפּטע יינגלעך, וואָס לויפן נאָך דעם קאטערינק און וואַרטן אף שפּילן און ווייזן קונצן.

טרעט איבער קלאדקעס. ציטערן פּיס. שווינדלט אין קאָפּ, און אויגן קוקן אין פארנאכטיקער טונקלקייט אף צוהויקערטע הייזל, אף בייסאלמען-פארקאן.

קוקן בלינד צוויי אויסגעלאָשענע פענצטער פון צוהויקערטן הייזל.

און אַרום—

טויט-שטיל, ווי פאַרלאָזענע כורווע...

קלעמט דאָס האַרץ. קוקט זיך גוט אַיין אַרום און באמערקט—אונטערן בערגל שפּילן אין זאַמד אַ קופּקעלע מיידעלעך.

אַ צופּ באַם האַרצן:

— עפּשער זלאַטקע... דריי יאָר געווען אינגאַנצן...

אָפּגעשטעלט זיך אפן ברייטן וועג. אָנגעהויבן שפּילן אף קאַטערינקע.

— עפּשער וועט זי צולויפן...

און באלד—

אַ הויב אוף פון זאַמד און אין שרענגע געלאָזן זיך לויפן אף געבראָכענע טענער פון קאַטערינקע.

ציטערט דאָס האַרץ. שפּילט מיט אימפּעט. רופט דורך רייצנדיקע טענער.

שטופּן זיך דורך פאַרשמירט-צופלאָמטע מיידלש-קינדישע פּענעמלעך דורך יינגלשער וואַנט, און פאַרוווּנדערטע אויגלעך און אָפענע מיילכעלעך קוקן אין נייגיר אַף קאַטערינקע.

זוכן איילִיק אויגן און שטעלן זיך אָפּ:

— אָט איז זי!

אַ ציטער איבער גאַנצן קערפּער. איבערגעהאַקט דאָס שפּילן און טיף אַן אָטעם געטאָן:

וועמענס ביסטו, מיידעלע?

און אַ צאַרטן גלעט איבערן קעפּל.

שטראָמען וואַרעם בלוט, אופגעברויזט פון גלאַט-זיידענע הערעלעך, און ליפּן ציען זיך ביישעקדיק צו קליין, קינדיש מיילעכל.

— וועמענס, מיידעלע?..

אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט דאָס קעפּל, פאַרלייגט אַ פינגערל אין קליין נעזל און שטיל אַרויסגעזאָגט:

— אַוואָמכאַעמס..

קינדישע קעלכלעך כאַפּן פלינק אונטער, איבערשלאָגנדיק אין הילכיקן געלעכטער:

— דעם קוואָרעסמאַנס.

— דעם גאַנעווס...

טוט אַ צופּ אין האַרצן. טרייבט אָפּ בייז פון זיך.

— אַוועק פון דאַנען!

שפּרינגען אָפּ אין הילכיקן שטיפערשן געלעכטער און באַלד זוימען ווידער אַרום אין פעסטער ראָד.

קוקט אַרום, גלעטנדיק, דאָס צוריסן קליידעלע. קלעמט דאָס האַרץ אין פאַרדראָסלעכן ווייטאָק.

— און אַ שוועסטער האָסטו?

און איבערשלאָגנדיקע קינדערשע קעלכעלעך זאָגן אָן:

— מע ט'זי היינט באנאַכט אַרעסטירט!

— זי אַ צעליסטקע...

טוט אַ פאַרביקער שווינדל פאַרביי מעטושטעשע אויגן און—קלאָר—דערגאַנגען.

ווערט מיטאַמאָל פריי אַפן האַרצן: ניט דאַרפן גיין אַהיים.

ווערט נאָך נעענטער דאָס קינד. ווייזט איר די ווייסינקע מייזעלעך פון קעסטעלע. נעמט זי צאַרט-פאָטערלעך אַף די הענט.

דערמאָנט זיך אָן די אָנגעגרייטע מאַטאָנעס. נעמט אַרויס פון קאַטערינקע, גיט איר איבער.

צוגעלייגט אַ צענרובלדיקע פון „קניפּל” און אָנגעזאָגט:

— דאָס וועסטו אָפּגעבן דיין מאַמען. זאָל זי דיר אופנייען אַ קליידעלע און קויפן אַ פאָר שיכעלעך...

פלינק אַרוף די קאַטערינקע אַף די פּלייצעס. מוירע געהאַט פאַר אָנקומענדיקע מענטשן. געשפּאַנט מיט לייכטע איילִיקע טריט אַף ברייטן וועג.

ווערט ווייט פון שטאָט, און אין אָנקומענדיקן פאַרנאַכטיקקאַלטן נעפּל דערפילט אַ מאָדנע פרישקייט און לייכטקייט.

און אין פריילעכן טרעטן איבערן פינסטערן וואַלד אַף גליטשיקע נאָדלען—

זינגען גלידער, און געזונטע יונגע פיס טראָגן אין אומענדלעכע וועגן, אין נייע, אומבאַוווּסטע, אָבער נייגעריקע וועלטן.

זינגט זיכער דאָס האַרץ, און דיקע לאָבוסאָוואַטע האַנט גלעט אינסטינקטיוו צאַרט דאָס געבליבן צעטעלע אין גרויסער קעשענע.

און ליפּן שעפּטשען אומבאַוווּסטזיניק אַ ניט פאַרשטענדלעך, אָבער אַ דערפילט-הייליק וואָרט:

— זי אַ צעליסטקע! — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

באַבלוטיקטע וואָלקנס און צונטריק-גאָלדענער זון-אויפגאַנג.

אַרויף אַפּן בערגל.

שטייט, קוקט אַף שיידן פון וועגן א באַגאָסענער פון צאַפּל-דיקע כוואַליעס שטראַלן.

אַ נייער טאָג און אַ נייער מענטש.

קוקט דרייסט אין נייע צווייקלטע וועלטן. זוכט אַ ריכטיקן און קורצסטן וועג

איין סעקונדע געטראַכט, וווהין צו גיין און באַלד נעוויאיש באַשלאָסן:

— אַהין, אַף לינקס, אַף אויפגאַנג פון זונען! — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

און מיט האַרטע, אַקשאָנעסדיקע טריט אַוועק אין ווייטע צווייקלטע וועלטן!

2.

וועגן.

ציען זיך לאַנג און ברייט אין אומענד פון וועלטן. ליגן אַף וועלטן צופלאָנטערט, ווי צוקאָשמעטע נעצן.

און נאָכקע —

אין מיט פון פלאָנטער מיט צופּוישעטע געהירן און אָפענער, שטורמדיקער האַרץ.

אַ קוק אַהינטער, ניט ווילנדיק, אַזוי פון געוויינהייט.

אָוועך.

לויפן אָן, ווי אַ צופּוישעטער שלאַל פייגעלעך—שיקערע נעכט און גראָע פּוסטע טעג, צוקנייטשטע קליידלעך פון שיקסעס באַ עלנדע, פאַרלאָזענע דאָרף-פאַרקאַנעס... היילע, אויסגעשמאָק-טשעטע און צושיקערטע לאַפּעפּעס.

און אין בונטן פלאָנטער —

יאָשקע.

און צום ערשטן מאָל, אנשטאָט אַלטער בענקשאַפט—אַ פאַר-דריסלעך-ווייטאָקדיקער געפיל, פאַרוויטלט אַ מאַך מיטן האַנט —

— ע—עך !..

און אַ טרייסל מיט צוקאָשמעטער פאַטליע אין ווינטיקן רוים.

און אין שטורעם פון געדאַנקען און געפילן דערפילט מיט אַלע כושים —

אַ מאַציייווע.

אַ נ״ע וועלט, אַ ניי לעבן אין וועלט.

און אין ווייטערדיקן גאַנג—דערפילט זיך, ווי אַ מענטש, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין דערוואַקסן לעבן אַראָפּגעוואָרפן בלינדקייט און דערזעען אַ ליכטיקע וועלט.

און אין לייטערן זיך דערגרייכט צו —

כאַוועך !...

שטייט אין מיט פון שטורם מיט אָפענע אויגן און אָפענער האַרץ. מיט אַ שמייכל אַף פאַרקוועטשטע ליפּן באַגעגנט דעם ווייטאָק פון ניסאָיען...

לייכט, מיט אַ באַזונדער אינטימער פרייד געטראַגן אַף וועגן צו לעבן און טליע..

* *

איינמאָל —

אַף שמאָלן וועג צו ברייטער וועלט אָפּגעשטעלט זיך אין אַ קליין שטעטל.

באַהאַלטן אין זוים פון הויזן דאָס קליין צעטל, געגעבן דורך בלאָס-בלאָע ליפּן צו זיין שוועסטער, געהיט דאָס, ווי אַ קאַמייע, ארויסגענומען פון קאָטערינקע די „מאַצע", וואָס ער האָט אויפגעהויבן אין וואַלד אין שייד-נאַכט.

אַריינגעקוקט.

קליינע אויסעלעך אַף רויכער-פּאַפּיר, קלייבט קוים צונויף באַקאַנטע, שוין לאַנג ניט געזעענע אויסיעס.

פּראָ—לע—טאַ—רי—ער..

— מוז זיין אַ גוט וואָרט : פּראָ—לע—טאַ—רי—ער..

אויפגעהויבן די אויגן, עטלעכע מאָל אין שעפּטשען פאַר זיך איבער געכאַזערט און פארגעדענקט—פּראָלעטאַריער...

אויסיעס צו אויסיעס, וואָרט צו וואָרט.

אָבער גאַנץ אָפּט—ווערטער האַרטע, ניט פאַרשטענדלעכע.

בינט זיך ניט קיין געדאַנק.

מיד פון אָנשטרענגונג, דורכגעקראָכן ביז העלפּט, פאַר-טראַכט זיך, גארנישט פאַרשטאַנען, צונויפגעקנייטשט שטיל, מיט האַרצווייטאָק דאָס פּאַפּירל און לאַנג געזעסן אַף איין אָרט.

— אז איך קאָן ניט לייענען...

ווערט נאָך נייגעריקער, זוכט „א כאַווער", וואָס זאָל אי-בערלייענען.

אָבער—ווו געפינט מען אים ?

— קאָנספּי...

שפּאַנט איבער קרומע גאַסן מיט אַ באַזונדער אומרו אין האַרצן.

זוכט און געפינט ניט..

און איין מאָל —

פאַרבלאָנדזשעט אין א מיניען.

זיצט באַ אַ שטענדער פאַר א גמאָרע צודווייקעט אַ יונג באָכערל, דרייט אַקשאָנעסדיק א שפּיץ, יונג, שוואַרץ בערדל און אַ יונג קעלכעלע העלפט אונטער דעם הארבן געדאַנק, וואָס האָט זיך צוליינט אין א פּאָר טיפע צוצווייטע קנייטשן אַף ברייטן שטערן.

— אַ-אַ-איי—יאַ-יאַ—יאַ-יאַ-יאַ...

שאָקלט זיך פלינק, קנייטשט מיט איין אויגל און דאָס אַנ-דערע מיט א אַמאָל אַ הויב און —

אָפּגעשטעלט זיך אין מיטן „אַי-יאַ" מיט אָפענעם מויל און נייגיריקן בליק אַף אומבאַקאַנטן מענטשן.

פּויזע.

באַטראכט.

— איר פֿרעגט וועמען, יונגערמאַן?

אַרומגעקוקט זיך, איינער אַליין.

— ווער האָט פֿאַר אים מוירע!

צוגעגאַנגען:

— איך האָב אייך געוואָלט בעטן איבערלייענען... אַ בריוו פֿון דער מאַמען.

— אָך, גיט...

באַלד געוואָרן ניט אַנגענעם, גענומען זוכן אין אַלע קעשענעס, איבערגעטאַפּט עטלעכע מאָל און אומאַנגענעם און כיטרעוואַטע-שולדיק געוואָרפֿן אַ בליק אַף יונג באָכערל:

— זע, נאָר וואָס געהאַלטן... געמוזט אַ פּאָנים לאָזן אַפֿן טיש אין אַכסאַניע...

צושמייכלט זיך אַ יונג, ראָזעוו פּאָנימל, געזוימט מיט אַ שוואַרץ בערדל און מויכלדיקע אויגן גלעטן:

— מימאָנעפּשעך... וועט איר אַן אַנדערש מאָל ברענגען... אומאַנגענעמע פויזע. קנייטשט זיך אַף איין אָרט שטייענדיק און מיט אַמאָל—

— און אָט דאָס קאָנט איר איבערלייענען?...

פֿליִנק אַרויסגענומען דאָס פּאַפּירל, אַריינגעשטעקט אין האַנט, אַ קרומער קוק צום טיר און באַלד—איינגעשפּארט אויגן און פֿאַרוואונדערט פּאָנים.

שוואַרצע, לאַנג-געבערעמטע אויגלעך טוען פֿליִנק אַ לאָף איבער אויבערשטע שורעס:

— פּראָלעטאַריער אַללער לענדער, פֿאַראייניקט זיך!...

— כאַוויירים...

הויבן אָן אָפּגיין בלוטן פֿון באַקן און ליפּן. בלאַ׳ט זיך דאָס פּאָנים און הענט און פֿיס הויבן אָן טרייסלען, און גאַנצער קערפּער קאָרטשעט זיך אין פֿיבער, אַהין, צום אָרנקוידעש.

אַ הויב אויף אין טויטלעכן ציטער אַ פּאָר ראַכמאָנעסדיקע אויגן און אַ צי אויס די האַנט אין אָפּגעבן צוריק.

— מע טאָר עס ניט האַלטן!..

— פֿאַרוואָס?

— מע קאָן דערפֿאַר אַוועקגיין אין לאַנגן וועג. מע קאָן צופֿוילט ווערן אין טפּיסע... אַף קאַטאָרגע.

אַ צושראָקענער בליק אין פֿענצטער, אַ הויב אויף פֿון אָרט אין ראַכמאָנעסדיק-צושראָקן אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט אַ הינטער.

צוגענומען צוריק, געוואָרפֿן אַ בליק אַף דערשראָקן פּאָנים.

— איז וואָס זשע האָט איר מוירע, דאָ איז דאָך קיינער ניטאָ?

— יאָ... אָבער... „זיי" האָבן פּיסקאלן...

— ווער?...

— פּאָליציע... שיקט אונטער עפּעס אַ מענטשן...

און מיט אַמאָל, ווי דאָס בלאָ פּאָנים און דאַרע פֿיגורל וואָלט אין מיטן דערינען דערזען פֿאַר זיך דעם טויט, האָט זיך עס צוגעקאָרטשעט אין פֿיבער צום ווינקל פֿון אָרנקוידעש, געכאַפּט מיט איין האַנט פֿאַרן שפּיץ פֿון פּאָרויכעס און אין טויט-שרעק פֿאַרגלאַנצט די אויגן צום הימל:

— ריבוינעשעלוילאָם... האָב ראַכמאָנעס אַף מיר... זיי מיר דאָס מאָל מויכל...

און אין אומבאַהאָלפֿן צופֿוישעטן געדאַנק פֿלינק דורכגעפֿלויגן:

— נו יאָ, אָט דאָס איז דאָס... געקומען. קלוימערשט, איבערלייענען אַ בריוו פֿון דער מאַמען...

און צווישן טרייסלענדיקע ציין קריכן האַלבע צוקוועטשטע ווערטער צו נאַכקען.

— זעט... האָט... ראַכמאָנעס... איך האָב דען אייך געטאָן וואָס עס איז שלעכטס?.. איך זיץ און לערן... וואָס ווייס איך... איך מיש זיך אין גאָרנישט...

קוקט פֿאַרוואונדערט אַף צוקוועטשטער און אַף טויט-צושראָקענער פֿיגורל.

— וואָס שרעקט איר זיך אַזוי, איך בין דאָך ניט קיין פּיסקאל, איך האָב אליין אויך געפֿונען...

ווערט דאָס פֿיגורל אין פֿאַרלעגנהייט, ווייס ניט וואָס צו טראַכטן:

— עפּשער איז דאָס עמעס, אַז אַ ייִד זאָגט...

און צו נאַכקען מיט אַ שטיל כניפּעדיק-ציטערדיקן קאָל:

— איר פֿאַרשטייט... איך מיש זיך ניט אין גאָרנישט ניט... איך זיץ און לערן... מער ווי די גמאָרע ווייס איך ניט...

איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, עטוואָס דרייסטער געוואָרן.

— איך בין ניט קיין העפּקער-יונג, ווי די פּויעלים מיט די באַלמעלאָכעס... באַ זיי איז דאָך רעכט אַלץ... אונטערצינדן... הארגענען אַ מענטשן און... גיין קעגן קייסער...

— קעגן קייסער?

שטייפֿער געוואָרן באַ זיך. איין רוק איבערן באַנק צו נאַכקען.

— אַוואַדע... באַ זיי איז דאָ אַ „טאַינע אָפּטשעסטווע", וואָס וויל אַראָפּוואַרפֿן דעם קייסער — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

און מער גאָרנישט...

און אַזוי—טעג און נעכט אין אומרויִקן זוכן אַ וועג צו זיי, צו די ציליִסטן.

הערט זיך צו צו געשפּרעכן, כאַפּט אויף ווערטער וועגן „זיי". מערסטן טייל פֿײַנטלעכע, שפּאָטישע.

איין מאָל —

אַ גרויסע שטאָט.

מיד געוואָרן פֿון געצווונגענעם טאָגיקן אומגיין איבער הינטערגעסלעך מיט קאַטערינקע אַף די פּלייצעס.

אָפּגערוט, אויסגעפּוצט זיך. באַהאַלטן די לאַבוסעוואַטע פּאַטליע און אַוועק שפּאַצירן אין גאָרטן.

אומגעגאַנגען איבער שטויביקע אַלייען, צוגעזעצט זיך אַף אַ ווייטיק בענקעלע און אין לאַנגווייל געקנאַקט קערלעך.

שפּאַצירן באָכערים מיט מיידלעך אין שוואַרצע העמדלעך מיט קוטאַסן.

און —

אין שטענדיקן זוכן און וועלן געפֿינען די „עמעסע מענטשן", דערפֿילט —

— מוז זיין פֿון יענער כעווּרע: ענלעך אַף בלאַס-בלאָע ליפּן.

אָנגעשפּיצט אויערן, געוואָלט כאַפּן עפּעס אַ וואָרט.
ווערט באַהערשט פון אַן אומרויִק.פּיבעריִקן געפיל:
— ווי ווערט מען כאָטש מיט איינעם פון זיי באַקאַנט?
מיט אַמאָל —
אַן איינגעהאַלטענע צערודערטקייט, אַ פלינקער קוקן מיט בליצנדיִקע אויגן פון שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך אין אַלע זייטן און —
אַ הויכער, פלייציקער יונג מיט אַ פאַרברענט פּאָנים שפּאַצירט איבער וועגן מיט רויִקע, זיכערע טריט, קוקט אַף דער לעוואָנע, און גאַנץ אָפּט—אַרויסגענומען עפּעס אַ קליין פּאַפּירל פון הויזן-קעשענע און אַריינגעשטעקט אין האַנט פון דורכגייער.
און ווידער געקוקט אַף דער לעוואָנע, ווי ניט אים מיינט מען.
אין טונקל געוואָרענע וועגלעך צווישן בוימער —
קלאַפּט נאָך שטאַרקער דאָס האַרץ, וואַרט מיט אומגעדולד אַף דערנעענטערן פון הויכן פלייציקן יונג.
— אָט דאָס מוזן זיי זיין...
— און מיט אַמאָל:
— אָט דאָס וועט איר אינדערהיים איבערלייענען און דער נאָך איבערגעבן אַ צווייטן.
און איידער ארומגעקוקט זיך—צומישט זיך צווישן פּאָרלעך.
געוואָרן מעטושטעש, געוואָלט אויפהויבן זיך און זאָגן:
— איך האָב שוין איינע אַזאַ, נאָר איך קאָן ניט לייענען נאָר—פאַרפאַלן.
איין סעקונדע געקנייטשט אין האַנט ס׳פּאַפּירל, אינסטינקטיוו אַראָפּגעלאָזן זי אין קעשענע און דורך וואַרעמע שטראָמען בלוט דערפילט זיין נאָענטקייט.
אומבאַהאָלפן געדרייט זיך אַף איין אָרט, אויפגעהויבן זיך, פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט זיך און מיט איינגעהאַלטן-שטילע טריט געשפּאַנט צום אַרויסגאַנג
מיט אַמאָל —
אַ שניידיקער שוויִשטש פון אַ מענטישער פייפל, אַ צורודערונג צווישן פאָרלעך און באַלד, אין טונקעלן פאַרנאַכט דערזעען—
אַ צומישעניש פון מענטשן, אַ שטופּעניש און לויפעניש צום ארויסגאַנג און אַ מענטישע הייזעריקע שטים רייסט זיך פון גאָרגל:
— וו׳ אוטשאַסטאָק, טאַם ראַזבעריאָם.
אַ שווינדל אין קאָפּ, אַ ריס פון אָרט און פלינק אַ שניט אין צוטומלטן אוילעם.
און דערזעען:
גראָבע מענטישע הענט איינגעגעסן אין לאַצן פון הויכן יונג, שפּיציקע וואָנצעס גלייכן זיך אויס און גאַזלאָניש בייזע אויגן, פאַרגאָסענע מיט בלוט, שפּריצן מיט פייער אַף ארומגערינגלטן אוילעם.
— ראַזאָידיס!...
און אין געראַנגל —
— ווריאָש, איז מאָיך רוק ניע אוידיאָש. .
פאַרקוועטשט ענגער די מאַרינאַרקע אַרום האַלדז, אומבאַהאָלפענע אויגן פון הויכן יונג בלאָנדזען איבער טונקל-געוואָרענע קעפּ פון צוטומלטן אוילעם און פאַרקוועטשטע שטים וואַרפט אין דער לופט

— האַקט אים אָפּ די זייטן. וואָס שטייט איר? דערווייל איז נאָך קיינער ניטאָ, נעמט אַרויס די „מאַצעס” פון די קעשענעס.
אַ שטראָם פון בלוטן אין נאַכקעס קאָפּ. אַ וואָרף אין דעם אוילעם און מיט אַ מאָל —
אַ קלונג אין דער לופטן פון אַראָפּגעלאָזענעם שטאָלענעם פויסט אין צווישן-אויגן פון בלוט-אָנגעגאָסענעם מענטישן פּאָנים, אַ צווייטער, אַ דריטער.
אַ כריפּענדיקער קרעכץ, אַ וואַקל און אָפּגעלאָזן צוקנייטשטע לאַצן פון מאַרינאַרקע.
דרייסטער געוואָרן און אין צופייערטקייט—
פלינקע פיס זעצן זיך איין אין פעטע זייטן פון געפּאַשעטן מענטש און צובושעוועטע שטים שליידערט אַרויס פון צווישן צונויפגעקוועטשטע ציין:
— ווו קריכסטו, אַז מע בעט דיך ניט, פּאַסקודע!
און פון אויפגעמונטערטן אוילעם שניידט די לופט האַרטע שטאָלענע אויסגעשרייען:
— זעץ!
— האַק אין קרויט!
— צוקוועטשט אים דאָרט, ווי אַ וואַנץ!
און אַ שאָט פון געביילטע פויסטן און געפאַטקעוועטע קנאַפּל איבער וואַלגערנדיקער פיגור פון מענטש אַף שטויב פון וועג. נאַכקע—
אַ שניט דורך דעם אוילעם, אַ כאַפּ דעם הויכן יונג אין פעסטע אָרעמס, אַרויסגעוואָרפן פון טומל אַף זייטיקער אַלייע און שטיל אַרויסגעזאָגט:
— איר גייט אַוועק פון דאַנען.
— ניִשקאָשע, ער׳ס שוין דאַכט זיך ניט אויפשטיין קיין טכיִעסאַמייסים.
— אָבער וואָס דאַרפט איר דאָ זיין... עס קען נאָך ווער אָנקומען.
— נישקאָשע.
און ניט וועלנדיק אָפּגעטראָטן פון דעם אוילעם אין פינצטערקייט פון וועג.
— גייט, איכ׳ל אייך באַגלייטן...
און באַלד פאַרלאָרן זיך אין זייטיקע קרומע געסלעך נאָך איילנדיקער פיגור פון הויכן יונג — — — — —
— — — — — — — — — — — —

און—
געפונען דעם וועג.

3.

געאיילטע טריט, אָנגעשטרענגט שפּירנדיקע בליקן אין אַרום-גאַס. און דורך פלאָנטער פון אויסגעקראָכענע געסלעך אין שטילשווייגן דערגרייכט—
אַ העק.
און אין געדיכטער פינצטערניש פון העק איבער אויסגע-

פאָרענע און אויסגעטראָטענע בלאָטעס דערזען אַ פאַרקרימטן, האַלבאָפּענעם טויער.

פאַרקלענערט טריט. אַ צוהויקערטער בויג און אַריינגעשמוגלט ביגנייווע אין פאַרשמעלטן כאלאל פון טויער.

אַ לײדיקער, פאַרגראָזטער הויף און ערגעץ ווייט אין ווינקל, ווי אַ קופּע מיסט, שוואַרצט זיך אַן אַיינגעשרומפּטע הייזל.

פלינק אַן עפן אַ פאַרוויינטע סקריפּעדיקע טיר און—

— א-א-א-א!... שלוימקע איז דאָ. עס איז די עמעסע וועלט!

און אַ שאָט מיט פראַגן:

— צושנייט?

— ניט אינגאַנצן.

— װאָסי?

— וואָס הייסט?

— שיר ניט פאַרשאָטן זיך...

— אַזוי גאָר?

— אָט דער כאַווער האָט מיך געראַטעוועט.

אַ וואָרף פון אויגן אַף הויכער פיגור און שמייכלדיקן פאָנים.

— ווער איז דער כאַוועה?

שלוימקע—

אַ קוק אַף די איבעריקע כאַוויירים, אַף נאכקען און מיטאַמאָל דערפילט:

— זע טאַקע, ווער איז דער כאַוועה?

נאך אַ־מאָל אַ קוק אַף נאכקען און אַ ביסל שולדיק אַרויסגעגליטשט:

— ער האָט מיך אָפגעשלאָגן פון גאָראָדאָוואַי און האָט מיך אָפגעפירט אַהיים.

— איז ער דאָך אַ יאַט.

— זיצט, כאַוועה, וואָס שטייט איר באַ דער טיר?

— נישקאָשע.

א פאָר ניט זיכערע טריט אין צימער, אַ דריי געטאָן אין האַנט אַ שטול און געבליבן שטיין.

פליט דורך אַ פאַרדעכטיק־קאַלטער שאָטן. און שלוימקע מיט אַ באשטימטער מוירע טוט מיט האַלבן מויל אַ פרעג:

— איר זייט אַ היגער?

— ניין, איך בין ניט קיין היגער. איך בין ערשט נעכטן געקומען אַהער...

און מער ניטאָ וואָס צו זאָגן. אָפגעהאַקט זיך, געבליבן שטיין.

ווערט געדיכט־פאַרדעכטיק... קוקן זיך איבער אויגן און לאָזן זיך באַלד אַראָפּ אָנדערזייט אין בייזער פאַרלעגנהייט.

איין סעקונדע שטיל.

און דורך זייטיק־אַראָפּגעלאָזטע אויגן דרינגט דורך אַ קאַלטער פאָרוורף, געשיקט גלייך צו שלוימקען.

— ווי איז מען דאָס אַזוי ניט פאָרזיכטיק?

— פאַרשלעפּט אַהערצו ווער ווייס וועמען...

פאַרקנייטשט שולדיק אַ שטערן, איין סעקונדע געטראַכט, ווי צו טאָן און באַלד גליטשן זיך אַרויס פון אונטערן נאָז אַף איינגעבויגענע קעפּ און אַראָפּגעלאָזטע אויגן פון כאַוויירים האַרטע באַפוילנדיקע פראַזן:

— ווערט לינק... בלייבט נאָענט... איכ'ל אַ רופטאָן...

צוקריכן זיך איינע נאָך איינע אין שמוגל פיגורן דורך טירן, און אין צימער בלייבן צוויי:

שלוימקע

און

נאכקע.

שטיל.

נאָר קלעפּ פון צוויי הערצער,

פויזע.

שלוימקע בייסט אַ שטיק וואָנץ, קנייטשט אַ שטערן און מיט אַמאָל —

איין טראט צו נאכקען, אַ הויב דעם קאָפּ, אַ קוק אים גלייך אין פאָנים אַריין און ערנסט אַרויסגעזאָגט:

— די מאַיסע איז אַזוי, כאווער, איר דאַרפט דערווייזן ווער איר זייט.

און געבליבן שטיין מיט שפּירנדיקע אויגן אַף נאכקען.

מיט הויך געעפנטע צוויי פינגער אַ נעם ענערגיש אַ שפּיץ וואָנץ, אַריינגעקוועטשט אַ זייטיק שטיק ליפּ אונטער שאַרפע ציין און באַגעגנט זיך מיט שאַרף־שפּירנדיקע בליקן פון שלוימקען.

קלייבט זיך אין האַלדז ענגקייט, ווערגט און לאָזט ניט קיין וואָרט פון מויל.

— איכ'ל אייך זאָגן... איך האָב שוין לאַנג געוואָלט באַקאָנען זיך... נאָר...

— זייט איר ניט קיין קעמפער?..

אַ קלאַפּ אָן הארצן אַ ניי וואָרט, קיינמאָל ניט געהערט, ווייס ניט דעם טייטש. ווייס ניט וואָס צו ענטפערן, נאָר אינסטינקטיוו —

— ניין, איך בין אַ קאַטערזשניק... נאָר איינמאָל אין וואַלד...

דערציילט אין איילעניש מיט צוקרימט־צוהויקערטע ווערטער די מאַיסע פון שייד־נאַכט.

קנייטשט זיך א גיפטיקער שמייכל אַף שלוימקעס שטרענגן פאָנים און קאַלטבלוטיק־אומצוטרוילעכע און קאַלט־שמייכלענדיקע אויגן קוקן אַף נאכקען.

— די מאיסע איז טאַקע זייער א שיינע. אָבער וואָס מיינט איר, אַז איר האָט דאָ אָנגעטראָפן אַף אַ יאָלד? ווער גלויבט איצט אין באָבע־מאיסעס?..

ווערט נאָך ענגער... פרוווט איבערצייגן.

— כאַוועה איך זאָג אייך...!

— ב אַ ו ו ײ ז ן דאַרף מען, ב אַ ו ו ײ ז ן!.. איר האָט דאָ ניט צו טאָן מיט קליינע קינדער.

ווערט ענג אין קאָפּ. ווייס ניט וואָס צו טאָן. אומבאהאלפן אַ קוק אַף שלוימקען:

מיט וואָס זאָל איך אייך דערווייזן?

און באַלד פליט דורך אַ בליצנדיקע יעשועס: דאָס צעטעלע אין זוים פון הויז.

— יאָ איך האָב פון „אים" אַ צעטעלע צו מיין שוועסטער.. עפּשער...

אַ ריס פּלינק די פאַרנייטע זוים פון הויזן, אַרויסגענומען אַ צוקנייטשט צעטעלע.

— די שוועסטער מיינע איז געווען אַרעסטירט, האָב איך איר ניט געקענט איבערגעבן.

נעמט אומצוטרוילעך דאָס צעטעלע.

— פאַרוואָס איז זי געווען אַרעסטירט?

— אָט יעמלט, באַ נאַכט, אין וואַלד.

קאַלט-שמייכלדיק געוואָרפן אַ בליק אַף אים. אומצוטרוילעך פאַנאַנדערגענומען דאָס צעטעלע. אַריינגעקוקט.

און באַלד —

הויבט אָן אָפּגיין דאָס שטיינענע פּאָנים, אויגן צינדן זיך אָן מיט האַרציקן צוטרוי.

אַ פלינקער וואַרעמער בליק אַף נאַכקען און ווידער אַ קוק אין צעטעלע:

„צופעליק באַגעגנט זיך מיט אייער ברודער אין וואַלד. ער האָט מיך געראַטעוועט. נעמט אים אין די הענט. ער וועט זיין אַ יאַט"...

אַ הויב דעם קאָפּ, אַ ברייט-צולייגטער כאַווערישער שמייכל און אָפנהערציק אַ שטעק נאַכקען אַ ברייטע געזונטע האַנט.

— האָט קיין פאַריבל ניט, כאַווער... איר פאַרשטייט, מיר קאָנען ניט אַנדערש...

האַרציק-צופרידן אַ קוועטש שלוימקעס האַנט.

— ס׳מאַכט ניט אויס... איך פאַרשטיי... וואָס מיינט איר, איך פאַרשטיי ניט?..

ווערט ליכטיק אַפן האַרצן און פרייער דער געמיט.

— מער ניט... גאָרנישט... אָט אזוי פון קינדווייז אָן... איר פאַרשטייט...

— עס מאַכט ניט... מירן שוין אייך נעמען אין די הענט.

און באַלד —

אַ ברייטע פאר טריט צום טיר, אַן עפן און אַריינגעקוקט אין דער שוואַרצער נאַכט.

— כעוורע!...

פלינקע, לויפנדיקע טריט פון אַלע זייטן און איינע נאָך די אַנדערע אָנגעפילט די שטוב.

— נו?!...

און געוואָרפן נייגעריקע בליקן פון איינעם אַף דעם אַנדערן.

— גאָרנישט. ס׳איז גוט. ער האָט פון וואָלאָדיען אַ צעטעלע...

— פון וואלאָדיען? אָהאָ!

— ווו האָט ער אים געטראָפן?

פלינק און שטרענג אַ זאָג —

— וואָסי נעגויע ווו?...

— יאָ, ס׳איז...

און אַ פריילעכער דרייען זיך פון אַלע כאַווירים אין ענגקייט פון צימער.

— קאָן מען דאָך קוילענען אַ הערינג?

— ווי דען, מיר וועלן עפעס צובייסן,

און באַלד —

אַ קלייניקער, דאַרינקער, שפּיציקער יאַט אין אַ בלאָער העמדל מיט קורצע פלינקע פיס צולייגט אַ פּאַפּיר מיט הערינג, פאַרקאַשערט די אַרבל און שיט גלייכווערטלעך.

— האַקל שויכטין אושכיטאָסאָן קשיירע...

קוועטשט צו צום ניגן מיטן טעמפן מעסער.

— אַוורעמל, עס איז דיין „קופּליע" אַזאַ? עס איז דאָך גאָר פאדעשוועס, ניט הערינג.

און אין הילכיקן געלעכטער פון די אַרומיקע, שניידנדיק און ריינינקנדיק די „פאדעשווע" געעפנט אַ מויל און מיט אַ ריינער שטאָלענער שטימע —

„אַף מיין קליינער קעפּעלע שטייט אַ גרויסע קרוין.

„זי דריקט מיך און שטיקט מיך, ווי אַ שווערער שטיין...

און באַלד מיט אַ ניגן פון דער געמאָרע:

— אויב דער צאַר פון טראָגן איז שוין אַזוי גרויס, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קריגן דעם ביטערן טראָפּן?

און אַ וואָרף כיטרעוואַטע-שפּיציקע אויגלעך אַף שלוימקען.

— זאָל איך אַזוי היינט און מאָרגן האַלעוואַי, ווי כאַימקע איז גערעכט.

— אַ גערוס פון וואָלאָדיען און אַ גאַסט — קאָן מען קיין גראָבער יונג ניט זיין. זעליק וואַרף זיך אַרויס און נעם אַ האַלבע בוטעלע.

— אָבער שטאַרקע.

— פרווו נאָר, מע דאַרף ני...

און אָפּגעשלאָגן זיך אָן פאַרמאַכטער טיר.

און באַם עסן, באַם נעמען אַביסל בראָנפן—צובונדן די אייוורים, געוואָרן היימיש און נאָך דער צווייטער גלעזל אַרויסגעזאָגט:

— איז דאָך דאָ באַ אייך טאַקע גוט...

און גענומען זיך פאַר דער דריטער גלעזל.

שפּיציקע אויגלעך, א שפּיציקע נאָז קוקן כיטרעוואַטע אף נאַכקען.

— דער כאַווער מוז האָבן א גאָלדענע האַלדז.

און אַ קער דעם קאָפּ צו שלוימקען.

— דער כאַווער האָט אַ נאָמען?

אַ גלעט מיט שמייכלדיקע אויגן איבער נאַכקען און פריינטלעך אַרויסגעזאָגט:

— ניין, דער כאַווער האָט נאָך ניט קיין נאָמען, נאָר איך האָב פאַר אים אַ נאָמען... אַ גוטן נאָמען...

— ווי?

— די קאַטערינקע.

—פע—... ביידעם...

גאָר ניט קיין ביידעם ... וואָס זאָגט איר כאַווער? ט׳זיין גוט אַזוי?..

זאָל זיין... ניט שלעכט...

— בלייבט דאָס — — — — — —

און באַם פאַנאַנדערגיין זיך:

— בלייבט באַ מיר נעכטיקן, כאַווער. ווו וועט איר גיין אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? מיר וועלן זיך אַביסל דורכשמועסן.

— גוט ...

(העמשעך קומט).

כאַים לעוויִן.

# „לידער פֿון שוואַרצן באַנד“.

## צו די הויכן...

צו די הויכן, צו דער נידער, צו דער מיט,
און צו געטער און צו אַלע—שוין געקניט;

יונגע ליפּן—גרוי פֿון אויסגעקוּשטע שטויבן,
וואָס באַ אָפּגעטער צופֿוּסנס שווייגן מיד;
יונגע אויגן—טיף און ציטעריק פֿאַרהויבן...

וועט עס זיין—דיך וועט אַ הוילער ווינט געפֿינען—
און דו שטייסט אַהינטער צאָם פֿון שטילן גלויבן—
בלוּט פֿון האַרץ, און פֿון דיין מאַרך דיין וויכן זינען
וועט ער לאַכנדיק און ווינטיק באַ דיר רויבן...

און אַ נאַכט וועט זיין אַ יונגע און אַ גרינע,
אונטער הימל וועסטו פֿרעגן אין דער בלינד:
— וועמען זאָל מען איצטער בעטן, וועמען דינען?—

וועסטו ווייגען אַף דער אויסגעטרוימטער זינד
און וועסט קניען—אַ צעשטויבטער פֿאַרן ווינט...



סערגיי יעסענינען.

## הוילער הימל.

הוילער הימל! באַשיץ און באַהיט
מיינע בלויע פֿאַרנאַכטיקע טריט...

טיף אין האַרץ קלינגען אָפּ לעצטע גלאָקן..
ביסטו דאָרשטיק, מיין הוילער געמיט—
איז דער אָוונט—אַ גיפּטפֿולער לאָגל...

בין איך שיין—נאָר ניט איך בין דער שענסטער,
יונגער טויט האָט געקוּשט מיינע לאָקן —
ביז מיין גרינעם פֿאַרצויגענעם פֿענצטער
זאָל איך גרינג נאָך מיין אָטעם דערטראָגן.

און פֿון הויכן פֿאַרהויבענעם פֿענצטער
טאָן אין נידער אַ פֿאַל און אַ שוועב
נאָך זיין שטילן און ליבן געשפּענסטער!..

הוילער הימל—אין שוואַרצן, אין קרעפּ,
בליען שטערן—פֿאַרשניטענע קעפּ...

## פֿון נאַכט אַף נאַכט...

פֿון נאַכט אַף נאַכט איז פּיין געננוג —
נאָר ביסט, מיין וועלט, גערעכט און קלוג...

און איך לעש אויס דאָס ליכט אין שוואַרצן,
אַרויס פֿון טרויעריקן צוג —
און פֿרעמדער טויט האָט ניט דערוואַרט זיך...

אויב שוין די בלינדע רו דערקענען —
פֿאַרגיין מיט אויפֿגערוישטן האַרצן —
איז ניט, ווי דו, סערגיי יעסענין,
נאָר גלייך נאָך דיר, מיין אָשער שוואַרצמאַן!..

ווייל ניין און ניט—ניט איך וועל קענען
דיר זינגען פֿרעמד, מיין קלוגע ערד —
נאָר גלייך ווי שוואַרצמאַן—הילכיק ברענען,

ווען אַ פֿאַרשניטענעם פֿון שווערד
וועט מיך צעטראָגן ווילד מיין פֿערד...

## ש. ראָסין.

* * *

בּיסט ניט אַזאַ ווי אַלע,
אַז וואָיל איז צו מיר אַף דער וועלט!
האָסט אויסגעוויילט פֿון אַלע מיך,
מיסטאָמע בּין איך ווערט.

ניט געוווּסט מיין נאָמען נאָך,
די פרייד פֿון מיינע הענט,
דורך גלאַנץ פֿון מיינע אויגן
האָסטו מיך דערקענט.

איך בענטש אַצינד די נאַכט יענע,
די נעכט, וואָס וועלן זיין
און דיך און זיך פֿאַרפלאָכטענע
אין גיריקייט פֿון לייב.

און וועט באַשערט זיין שיידן זיך.
אַז שיידן זיך—איז רעכט!
— איך וועל באַ טויזנט אַנדערע
פֿאַרגעסן דיינע נעכט.

און וועט דאָס בענקן נאָגן מיך
בּיסטו מיין בענקן ווערט,
כ׳האָב אויסגעוויילט פֿון אַלע דיך,
פֿון אַלע אַף דער ערד.

* * *

אַוואַדע וואָלט צייט זיין פֿאַרגעסן;
זיך וועגדן פֿאָרויס מיטן בליק,—
נאָר וואָס קען זיין בעסער און גרעסער,
פֿון איינמאָל צעוּרונענעם גליק?

נאָר וואָס קען זיין זיסער און באַנגער—
טרינקען בּיז שיקער דעם אייגענעם ברויז?
ניט אומזיסט אין די אָוונטן לאַנגע
וויינען די ווענט אין מיין הויז...

ס׳איז גוט אין האַרבסט זיך פֿאַרטרויען,
צו גאַס און צו ווינט און צו שטיין
— ניט אומזיסט איז געמישט מיט טרויער
מיין לויטערסטע פרייד...

באַלד ווערן די אָוונטן לענגער און גרעסער
און דער האַרבסט שטריקט פֿון רעגן אַ זיפּ...
— — — — — — — —

— מיין ניט, איך האָב דיר פֿאַרגעסן
דורך יאָרן פֿון אופשטאַנד און זיג...

* * *

יענער וויטאָק דער ערשטער און שאַרפֿער,
וועט באַלד שוין אינגאַנצן פֿאַרגיין.
וועלכער טייוול האָט באַדאַרפֿט אים
קאָן איך בּיז היינט ניט פֿאַרשטיין.

וועך האָט באַדאַרפֿט יענע ליידן,
אַז פֿון וואַנען, פֿאַרוואָס און פֿאַרווען?...
איך האָב מיט דיר דאך צושיידט זיך
איידער איך האָב דיך דערקענט.

איך האָב מיט דיר דאָך צושיידט זיך
איידער איך האָב מיך דערפרייט.
איז ווער האָט באַדאַרפֿט יענעם וויטאָק,
די גאַנצע געברענטע לייד...

און אַף וואָס האָט זיך האַרץ מיינס צעעפֿנט,
ניט אַף דעם דאָך—ס׳זאָל זיין אַזוי שווער.
— אויב איך דאַרף דיך אין ערגעץ נאָך טרעפֿן
זאָל דאָס זיין ניט אין הימל, נאָר דאָ אַף דער ערד.



* * *

דו זאָגסט, אַז עס רופֿן דיך אַנדערע צילן,
אַז עס איז אין מיין נאָענט דיר ענג;
אַז עס דאַרף נאָך דיין מיידלשער זויבער דערשפּילן
אין לויטערן ברויז פֿון אַליין.

דו זאָגסט, אַז מיר זאָלן אַזוי,—פֿון דערווייטן
פֿאַרבלייבן זיך נאָענט אַזוי ווי געווען;
אַז דו וועסט שוין אַף גאָרנישט ניט קיינמאָל פֿאַרבייטן
דער רוף פֿון צונומענע הענט...

אַז דו קענסט ניט, און ווילסט ניט אַזוי ווי דיין מאַמע,
דיין לעבן פֿאַרבינדן מיט קיך און מיט קינד,
אַז עס זיינען נאָך ברייטן און ווייטן פֿאַראַנען,
און דיך ציט אַף וואָגל און ווינט...

געוויס וואָלט מיר שווער זיין, ווען דו וואָלסט
פֿאַרלאָזט מיך;
אַוואַדע וואָלט צוקומען צאַר.
אַז איך האָב שוין ברייטן און ווייטן געמאָסטן
מיט באָרוועס פֿון האַרץ...
און אַצינד—ווען מיין פלייציקע יוגנט
איז שוין ניט אזוי זינגענדיק ניי,—
וואָלט מיר דען געווגג זיין
אַ פראָסטע און פּאָשעטע ווייב?

אַז וווּ איז די ווייב, וואָס זאָל שטילן
מיין צובויטעטן ברויז פֿון געמיט?
— — — — — — — —

זאָגסט, אַז עס רופֿן דיך אַנדערע צילן,—
איז געבענטשט זיי, אַף וואָגל און ווינט...

צ. דאָלגאָפּאָלסקי.

# באַ געעפֿנטע טויערן*).

(קאַפּיטלען פֿון אַ ראָמאַן).

ארבעטער גייען אפֿן פֿראָנט.

די כאַווערטעס האָבן ניט באַוויזן פֿאַרענדיקן צו דער נאַכט די וועש פֿאַר די מאָביליזירטע. אַז די ליאַמפּע האָט זיך געענדיקט, איז כאַנקע מיט די כאַווערטעס צוגעטראָטן צו די וועש, ניט ברענגענדיק אפֿילע אין אָרדענונג די צימערן, ווו דער אָוונט איז פֿאָרגעקומען.

—שלאָפֿן וועט היינט ניט אויסקומען, האָט כאַנקע אויסגערעכנט: פֿאַרגעסט ניט, אַז איינס באַטאָג גייט מען ארויס מיט דער דעמאָנסטראַציע אפֿן וואָקזאַל. ביז 10 אינדערפֿרי וועלן מיר די ארבעט פֿאַרענדיקן.



אין עטלעכע שאָ ארום איז כאַנקע מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם געלאָפֿן צו גלאַנצן. דער ווינטער האָט זיך ווידער איינגעשטעלט, דער פֿראָסט האָט געסקריפּעט אונטער די פֿיס. גלאַנץ און פּיאָטר זיינען נאָר וואָס אופֿגעשטאַנען. די כאַווייריִם האָבן זיך געהאַלטן אין פּאַקן. פּיאָטר האָט געבראַכט פֿון דערהיים אַ כטיכע כאַזער, אַ שטיק פּוטער, אַ שעפּסענע זייטל פֿלייש און אַ פּאָר דאָרפֿישע ברויטלעך.

— דו רעכנסט דאָס אַלץ אליין אופֿאַכלען, פּיאָטר, האָט גלאַנץ געפֿרעגט?

— און דו, הלאָנץ, וועסט זיך דערווערגן מיט אַ שטיקל כאַזער? אַגעוו, די שוועסטערל, שורקע, האָט דיך אויך אין זינען געהאַט. צום טייוול! איך האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן. זי האָט געבעטן דיר איבערגעבן אָט אָ דאָס... וואָס איז דאָ?—ניט אַ זשידאָווסקער גאָטעלע? כאַ—כאַ—כאַ... זע, הלאָנץ, ניקאָלאַי זאָל דיר פֿאַר שורקען ווען עס איז די ביינער ניט אָנברעכן.

פּיאָטר האָט זיך געפֿילט נאָך דער בונדישער ליאַמע עמעס גוט.

— און איר, כאַווערטע, בלייבט דאָ אין שטאָט? איר ווילט ניט פֿאָרן מיט אונדז אַפֿן פֿראָנט?

— איך האָב אַ ברודער אַפֿן פֿראָנט, האָט כאַנקע געענטפֿערט, פֿילנדיק זיך עפּעס ניט היימיש.

כאַנקען האָט איבעראַשט די רויִקייט און די אופֿגעלייגטקייט פֿון פּיאָטערן. זי האָט געזאָגט:

— אַפּאָניִם, ניט אַ ייִדישער מאָרעניק.

— וואָס טאַראַבאַרעט די כאַווערטע?

— זי זאָגט, אַז דו ביסט אַ כוליגאַן.

— ניין, איך האָב עס ניט געזאָגט, פֿאַרקערט, איך זאָג, אַז איר זייט אַ גוטער כאַווער—און איז רויט געוואָרן.

פּיאָטר האָט זיך ברייט צושמייכלט, באַוויזן אַ פֿולן מויל מיט ברייטע שטאַרקע ציין.

גלאַנץ האָט פֿאַנאַנדערגענומען דאָס פּעקעלע, וואָס שורע האָט אים צוגעשיקט. אַ האַנטעך פֿון אַ מעטער דריי די לענג מיט אויסגענייטע ברעגעלעך. פֿאַנאַנדערנעמענדיק דעם האַנטעך האָט גלאַנץ געפֿונען דאָרט אַ צעטעלע מיט אַ בלייכן בלייפֿעדער אויסגעשריבן פֿוןביידע זייטן.

— פֿון שיקסעס בריוועלעך, האָט כאַנקע זיך ניט איינגעהאַלטן.

גלאַנץ האָט ניט געענטפֿערט און האָט פֿריידיק דאָס צעטעלע אַוועקגעלייגט אין קעשענע אַף רויִקערע צייטן.

— פֿאַר די וועש גיט איבער אַלע כאַווערטעס אַ דאַנק

— מיר ארבעטן ניט פֿאַר אַ דאַנק.

— דיר, כאַנקע, באַזונדערס.. איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט—אין אונדזער אָרגאַניזאַציע פֿעלן כאַווערטעס. איך זאָג נאָך אַמאָל, אַז מירן קומען פֿון פֿראָנט, וועלן מיר זיך נעמען פֿאַר אייך, מיידלעך,—געדענק, כאַנקע.

עס האָט זיך אָפּגעעפֿנט די טיר און אין צימער איז אַריין דאָדל. דערזעענדיק כאַנקען, האָט ער זיך ווי אַ רוק געטאָן צום טיר. ער האָט געמאַכט אַ רויִק פּאָניִם און האָט דערלאַנגט גלאַנצן אַ בריוו.

גלאַנץ האָט איבערגעלייענט און געפֿרעגט:

— מיטן באַטאָגיקן צוג?

דאָדל האָט מיט די אויגן געגעבן אַ ווונק אַף כאַנקען. די לעצטע האָט דעם ווונק איבערגעכאַפּט.

— עפּעס האָט דאָס אַ שייכעס צו מיר, דאָדל.

— גאָרניִשט, האָט דאָדל אַ מורמל געטאָן: עס טראָגן זיך קלאַנגען..

— זאָג מיר אויס.. מיר האָבן ניט פֿון נאָסקען קיין בריוו.

— הער, איז גלאַנץ נאָענט צוגעגאַנגען און האָט זי פֿאַרן האַנט גענומען: דו ביסט אַ רעוואָלוציאָנערקע, כאַנקע, טאָ זיי אַ רעוואָלוציאָנערקע.

— גיכער, גיכער, זאָגט מיר אויס, האָט זי זיך פֿון גלאַנצס הענט אַרויסגעריסן, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיין ברודער?

— היינט ברענגט מען זיי מיטן צוג.

— אַ פֿאַרווונדעטן?

— צוויי כאַווייריִם ברענגט מען היינט.. דער-האַר-געטעט. דער ברודער דיינער איז געפֿאַלן ווי אַ העלד.

דאָס פּאָניִם אירער איז געוואָרן טויט. די קנעכלען האָבן זיך גענומען בויגן, זי האָט פֿאַרלאָרן אונטער זיך דעם באָדן, נאָר פּיאָטר האָט זי אונטערגעכאַפּט אין זיינע אייזערנע הענט.

פּיאָטר און דאָדל האָבן זיך געאייסעקט אַרום כאַנקען, איר צו זיך געבראַכט, און גלאַנץ איז אָן אַ היטל און אין איין בלוזע נאָכן דערכאַפּן דאָקטער אַרויסגעלאָפֿן.

אַרום פֿענצטער האָבן זיך שוין שכייניִם געקליבן. די לעצטע האָבן באַלד וועגן אַלץ אַ קלאָרן בילד באַקומען.

*) זע „שטערן“ נומ. 1, 2, 4.

— אַף דער סימכע, וואָס מען גייט אַפֿן „רויטן" פּראָנט, האָט מען אַ נאַכט געשיקערט, דערנאָך האָט מען זיך „אָפּגעקילט": די „כאַוועריטע" האָט דאָ גענעכטיקט.

— זאַלבעדריט.. כע—כע—כע.

— כאַנקע.. די שניידערקע..

— זי איז באַ זיי אין צימער?

באַ גלאָנצן, מען שטייט ערשט אויף.. כע—כע—כע.. גלאָנץ, דער שייגעץ פֿון פּראָדקאָם און די בונדאָווקע.

—ביידע זאָל זיי איין קויל טרעפֿן.

— די ערשטע קויל גלאָנצן.

— זיי מעגן אַלע געהאַרגעט ווערן.. די בונדאָווצעס אויך. זיי זיינען ניט בעסער פֿאַר די קאָמוניסטן.

— איך האָב אַלע מאָל געזאָגט, אַז „בונד" איז דיזעלבע זאַך.

— זעסט אין פֿענצטער, דאָדיק איז אויך דאָ.

— אַ נייס.

עס איז אַרויס דער דאָקטער. ער האָט זיך פֿריינטלעך באַגריסט מיט אַלטערס ווייב.

— וואָס טוט זיך עס מיט מיינע קוואַרטיראַנטן? האָט זי געפֿרעגט.

— ניט „מיינע", יעווגעניע אַפּאָליגאַראָוונע. אונדזערע, זייערע.. דערהאַרגעט געוואָרן אַ כאַווער, אַ ברודער דערהאַרגעט געוואָרן, וויל מען ניט ליידן.. שטאַרבן ווילן זיי אויך ניט—שלעפּט מען אום דעם דאָקטער.. דאָס האָט דער שניידערקערס ברודער געדאַרפֿט אונדז ברענגען דעם סאָציאַליזם — איז שולדיק דער דאָקטער...

אין שטאָט האָט מען זיך שוין דערוווסט, ווי אַזוי נאָסקע מיט נאָך אַ יידישן אַרבעטער, די ערשטע פֿרייוויליקע אין שטאָט, זיינען אומגעקומען.

די ווייסע באַנדעס, אָפּטרעטנדיק צו די גרענעצדיקע וועלדער, האָבן באַקומען פֿון אונדזערע שרעקלעכע קלעפּ. דאָך האָט זיך זיי איינגעגעבן באַנאַכט אַרומריגלען אונדזערן אַ ניט גרויסן אָטריאַד און פֿאַרנעמען אים אין געפֿענגעניש. איינער פֿון די אָפּיצערן האָט געהאַלטן אַ רעדע, ער האָט געזאָגט, אַז צו די אומפּאַרטעיִשע סאָלדאַטן האָט ער גאָרנישט, ס'איז נאָך אויך אַ סאָפּעק, אויב די רוסישע קאָמוניסטן זיינען קאָמוניסטן...

— איך בין אַ קאָמוניסט, איז איינער אַ רוסישער אַרויס פֿון די רייען:

— גוט, וועסטו גיין מיט אונדז.. מיר וועלן נאָך זען.. פֿאַראַן נאָך קאָמוניסטן, רוסישע, פּראַוואָסלאַוונע קאָמוניסטן?! ניטאָ מער. דאָס איז פֿאַרשטענדלעך, איצט אַלע יידן פֿאָרויס!

קיינער האָט זיך פֿון אָרט ניט גערירט.

— דו דאָרט, האָט זיך דער אָפּיציר געווענדעט צו נאָסקען און צום צווייטן יידן: קריכט אַרויס—אייערע פּענימער וועל איך אָפּגעשונדענע דערקענען..

צוזאַמען מיט די דריי געפֿאַנגענע האָט מען איילנדיק אָפּגעטראָטן, און אין אַ פּאָר שאָ אַרום האָט מען נעבן וועלדל געפֿונען די קערפּערס פֿון די צוויי יידישע ארבעטער.

מען האָט צונויפֿגעקלאַפּט טרונעס, אַוועקגעלייגט זיי אין אַ פּראַכטוואַגאָן און אָפּגעפֿירט זיי אַהיים—אַ ווייאָרסט 75 פֿון פּראָנט.

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך געדאַרפֿט רירן פֿון פּלאַץ, ווו עס האָט זיך געפֿונען דער ברודער-קייווער. צו צוועלף אַזייגער זיינען די ערשטע געקומען מיט אַ שווארצער פֿאָן, די שניידער, וואָס צו זייער פֿאַריין האָט נאָסקע געהערט. עס איז געקומען די בונדישע אָרגאַניזאַציע מיט זייער פֿאָן, די קאָמוניסטן, די מיליציע, צוויי ניט גרויסע איבערגעבליבענע מיליטערטיילן און צום סאָף האָבן זיך מיטן אָרקעסטער פֿאָרויס אין פֿעסטע געשלאָסענע רייען די מאָביליזירטע באַווין. זיי זיינען אַלע געווען גוט אָנגעטאָן און נאָך בעסער באַשוכט. אַלע מיט ערנסטע, אויסגעלייטערטע פּענימער.

דער גאַנצער שטעך, וואָס אַרום אויספֿירקאָם, איז געווען פֿאַרפֿלייצט מיט מענטשן, אַלע אַרבעטנדיקע האָבן אין דעם מאָמענט פֿאַרגעסן די קליינלעכע אבידעס, מען האָט פֿארגעסן, אז מען איז אייגנטלעך הונגעריק, נאַקעט, אָרעם, אז אין שטוב איז ניטאָ קיין האָלץ, קיין ברויט, קיין נאַפֿט.

איידער די דעמאָנסטראַציע האָט זיך פֿון אָרט גערירט, האָבן צוויי—דריי כאַווירים רעדעס קורצע פֿון באלקאָן פֿון אויספֿירקאָם געהאַלטן.

עס איז אויך אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע דער אַלטער בונדאָוועץ, „דער זיידע".

ער האָט געזאָגט:

— אונדזער שטאָט האָט קיין אקטיוון אַנטייל אין דער רעוואָלוציע ניט גענומען, אַף אונדזער בייסאַלמען זיינען ניטאָ קיין קוואָרים פֿון רעוואָלוציאָנערן, אונדזערע אַרבעטער האָבן אַף די גאַסן קיין באריקאדן ניט געמאכט, מיר האָבן ניט צושמעטערט אונדזער טורמע, קעדיי באַפֿרייען פֿון דאָרטן די פּאָליטישע אַרעסטירטע—ניט רעוואָלוציאָנערן זיינען מיר געווען, נאָר מיטפֿילנדיקע פֿון דער רעוואָלוציע, מיר האָבן דאָ אייגנטלעך געפֿירט אַ רויִק לעבן פֿון האכנאָעדיקע קליינבירגער, נאָר די יוגנט... די אַרבעטער-יוגנט.. זי איז רעוואָלוציאָנער... אויך אונדזער שטאָט גיט דעם ערשטן אַקטיוו. דאָס זיינען אונדזערע ערשטע העלדן, וואָס וועלן אונדז ברענגען דעם ניצאָכן. פֿאָרויס, כאַווייריִם, מיר זיינען מיט אייך, און טאָמער וועט זיך פֿאָדערן, בין איך נאָך אויך פֿעיִק מיט אייך, יונגע, ווי די יונגע קאָרבאָנעס, וואָס קומען צו אונדז, שטאַרבן פֿאַר דער רעוואָלוציע

די פּראָצעסיע מיט פֿלאַטערנדיקע שווארצע און רויטע פֿאָנען האָט זיך פֿון אָרט גערירט.

דער צוג איז אָנגעקומען איינצייטיק מיט דער דעמאָנסטראַציע, אַלע האָבן זיך א וואָרף געטאָן צום לעצטן פּראכטוואגאָן, וועלכער איז פֿון דרויסן אין גרינס און אין שווארצן דעקאָרירט געווען. אַ פֿארגרעסערטע מיליציע-וואַך האָט אָפּגעשטויסן אף צוריק די גאנצע מאסע, וואָס האָט זיך צום וואגאָן געריסן, באַפֿרייענדיק א ליידיק פּלאץ פֿאר די מאָביליזירטע און פֿאר די קרויווים..

דער צוג איז געווען איבערפולט מיט סאָלדאטן, מיט פויערים, מיט ווייבער, מיט אַרבעטער. פאסאזשירן האָבן זיך געטוליעט צו די טרעפלעך, געהאנגען אף די בופארן, אונטן נעבן די אקסן און אויבן אַף די דעכער פון די וואַגאָנעס, האלטנדיק זיך פעסט פארן קאלטן, אָנגעפראָרענעם אייזן.

אַלע ציווילע פאסאזשירן באַפרייען שוין דעם וואגאָן, האָט אַ דאַרער ווטלער מענטשל פאראָרדנט:

האָט זיך קיינער פון אָרט ניט גערירט.

—אַלע ציווילע פאַסאַזשירן זאָלן שוין באפרייען דעם וואַגאָן פאר די מאָבילירטע.

האָט מען אָנגעהויבן קריכן פון וואגאָן מיט שווערע פעק אין די הענט, אַפן רוקן און אפן הארצן. איז מען געשפרונגען אין די פענצטער, געדראפעט זיך אַף די דעכער פון די איבעריקע וואגאָנעס, געקלאַפט זיך אין די טירן, וועלכע זיינען אכזאָרעסדיק געווען פארהאקט פון אינעווייניק. האָבן פארשוויצטע פּנימער מיט אַרויסגעשטארצטע אויגן געבעטן זיך:

— לאָזט ארײַן.

נאר פון די פענצטער האָבן ארויסגעקוקט הילצערנע פּנימער, וועלכע האָבן שטום געמאכט מיט די הענט:

— ניטאָ... דאָרטן... דאָרטן. . אין יענע וואגאָנעס.

עס האָט זיך דערהערט דער צווייטער קלונג, נאָר כעווריע האָט ניט געאײַלט אין וואגאן ארײַן. גלאָנק איז אַרײַן צום עלטסטן פון סטאנציע,—געפאדערט דעם צוג אַף א האַלבע שאָ פארהאלטן.

— איך האָב ניט קיין רעכט. זאָלן אײַערע שוין אין וואגאן אַרײַן, איך גיב דעם דריטן קלונג.

— כאווײרים, אין וואגאָן אַרײַן, איז גלאָנק געקומען מיט אַ טשוועע. מען האָט זיך אָנגעהויבן זעגענען. גלאָנק האָט אויסגעשריִען:

— כאווײרים! מיר גייען אפן פראָנט, לאָמיר שטורעמען די פעסטונג פון דער בורזשואזיע. מיר שטייען כאווײרים, באַ געעפנטע טויערן פון א נייער, פון א ליכטיקער וועלט. לאָמיר די טויערן, כאַווײרים, ברייטער פאַנאַנדערעפענען, מיר וועלן זיגן.

דער צוג האָט זיך אָנשטרענגענדיק פון אָרט געריִרט און באַלד די סטאנציע פארלאָזן.

בא שורען אינדערהיים.

אַלעמאָל שטייט אוף די ערשטע מאַריע, און איגנאַט שטייט אוף ערשט נאָכדעם, ווען מאַריע מעלקט. אויס די בעהיימעס און לאָזט זיי אַראָפ פון הויף, צו דער לעסאָרובאָווקער סטאַדע, אויב צו דער צייט קומט ניט נאָך זיי דער אונטערפאַסטעכל, דער צוועלפיאָריקער וואַנקע מיט אַ פאַרשלאָפן פּעניִמל, אַ באָרוועסער, מיט העלע שיטערע הערלעך אונטער דער נידעריק אנגערוקטער און ברייטער שטרויענער הוט, מיט אַ לאַנגער קנאַקנדיקער בייטש אין זיין קרעפטיק הענטל.

נאָר מאַריע איז היינט ניט איבגאַנצן געזונט. איז אופגעשטאַנען דער ערשטער איגנאַט, איבערלאָזנדיק זיין מאַריען אין דער ברייטער הילצערנער בעט.

דערפילט מאַריע אַ פוסטקייט אין דער צווייטער העלפט בעט; קערט זיך איבער וואָגיק און שווער צום מאַן.

— איגנאַטושקא, דו שטייסט שוין אוף? וועק אוף שורקען, זאָל זי די בעהיימעס אויסמעלקן.

נאָר, אַז איגנאַט גייט אַרויס אין הויף שפאַנען דעם פערד, האָבער דאַרף מען זייען, באַגעגנט ער שורען מיט אַ פולן פאָדאָיניק מילך.

–ביידע בעהיימעס שוין אויסגעמאָלקן?

— ביידע, טאַטולקע, וואָס מאַכט די מאַמע?

— גיט זיך נאָך, פיעסטעט זיך. אַז דו וועסט אַוועקפאָרן וועט זי שוין מעמיילע מוזן געזונט ווערן... און דו פאָרסט טאַקע מאָרגן?

— מאָרגן, טאַטע, געבליבן באַ אַ מאָנאַט צו די עקזאַמענס.

לאָזט זיך פלינק אַראָפ אין קעלער מיט דעם עמער מילך, זייט עס דאָרט איבער, גיסט אָן פולע הארלאַטשיקעס און דעקט זיי צו מיט קיילעכדיקע, שוין ערטערווייז צושפאָלטענע בעריאָזעווע דעקלעך, זופט זיך אַליין אָן מיט מילך פון אַ בלעכענער קענדל, קריכט אַרויס פון קעלער, פאַרקאַשערט די אַרבל פון דער לייוונטענער בלוזע און קריכט אַריין אין מולטער און נעמט זיך אָפרייבן די וועש, וועלכע זי וויל נאָך היינט אָפשווענקען אַפן טייך, אויסטריקענען, אויספרעסן און נעמען מיט זיך אין שטאָט.

זי עפנט פאַנאַנדער די פענצטער פון קיך, פון דרויסן רייסט זיך אַריין אַ זאַפטיקער רייעך פון די בליענדיקע קאַרשנבוימער, אַ טשוויטשעריי, אַ זשומעריי, אַ פריליִנג-פרייד. פון דער הויכער בעראָזע, וואָס נעבן אַלטן קלויסטערל, דערטראָגן זיך נאָענטע קוקאַווקע-געשרייען—קו-קו! קו-קו! קו-קו!.

קען מאַריע אין בעט גיט איינליגן. די הינער אָנקאָרמענען מוז מען, די כאַזיירימלעך געבן עסן מוז מען, די קרויט אויסיעטן מוז מען, אַוועקזעצן נאָך צוויי הינער אַף אייער מוז מען.

זעצט זיך מאַריע, רוקט אַראָפ נידעריקער דעם קאקאשניק אַפן שטערן, קריכט אַריין אין אַלטע כאדאַקעס, הויבט אוף די אויגן צו דער איקאָנע און נעמט זיך צײלעמען-איינמאָל, און אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל, און נאָך, און נאָך, און אַלץ גאָטפאָרכטיקער, און האַסטיקער, און פאַרענדיקט, און גייט אַרויס צו שורען.

און שורע איז שוין אין דער אונטערהעמד אין אַ טיכל אַפן קאָפ אַ צוקאָכטע, אַ צוהיצטע, זייפט אָן, און רייבט אָפ און דרייט אויס און רייבט ווידער און רייבט און — אין טאַקט דאָס נייע לידל, וואָס אַ כאַווער האָט פון שטאָט געבראַכט.

— וואָס מאַכסטו, מאַמע? שטעלט זיך אָפ. מאַכט שטייפער דאָס טיכל אַפן קאָפ און ווידער געריבן.

— ניטאָ אַמאָליקע קויכעס, טאָכטער. געווען אַזוי יונג ווי דו... אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, אַ וואָך אַ גאַנצע געאַרבעט, און קומט זונטיק—די ערשטע טענצערקע, אַ לעוואָניכע, אַ קאַזאַצקע, אַ גאַלאָפ!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טאַנץ אַזאַ—גאַלאָפ?

— די גאַלעכטעס האָבן מיך אויסגעלערנט, פאָרלעך שאַרן זיך הין און צוריק, אָבער פֿליִנק, פֿליִנק... מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען דער לעסאָרובאָווקער פּאָרעץ האָט דעם קלויסטער אויסגעמויערט... באַ אונדז איִן דאָרף איִז דער פּראָטאָיערײ געווען, דאָ איִן שטוּב געווען... די פאסכעס הייליקן, די גאַלעכטעס האָבן מיר מעקאַנע געווען, „דער פּראָטאָיערײ זאָל צו אַ פּויער איִן שטוּב גיין די פאסכעס הייליקן"... פֿאַרליִבט זיך אין מאַריען, האָבן די גאַלעכטעס, די רעכילעסניִצעס געשושקעט זיך.

— דער אַלטער מענוּוול.

— באַ אייך דאָרט, איִן שוּל דאָרט, זיינען אַלע הייליקע מענוּוואָלים, גאָט זאָל ניִט שטראָפן פֿאַר די רייד... מען דאַרף גיין צוּ די היִנער.

פֿאַרנעמט שוּרע די אָפגעריִבענע וועש און גייט אַ באָרוועסע מיטן אויסגעטראָטענעם גאָרטנוועגעלע צום טייך צו. פֿון ביידע זייטן וועגעלע—שוין הויכע קאָרן, שוין איִן זאַנגען, שוין איִן בליִונג.

דער ברעג פֿוּן טייך איִז אַ הויכער, אַ שטייניִקער, לאָזט זיך משוּפּעדיִק צום טייך אַראָפּ. טרעטן באָרוועסע פּיִס פֿאָרזיִכטיִק, אויסמיידנדיִק די שניידנדיִקע, שאַרפּע שטיינער, וועלכע זיינען צוזייט פֿון אויבן ביִון וואַסער.

דאָס וואַסער איִז דאָ אַ לויפּיִקס, אַ קלאָרס. דאָס וואַסער איִז אָפּגעפֿאַלן. די פּליִטן האָבן זיך אויסגעצויגן אַף דעם אויסגעטריִקנטן ברעג, נאָר 5—4 קלעצער וויִגן זיִך נאָך אַפֿן וואַסער. שווענקט שוין און קלאַפּט שוּרע די וועש איִרע. יעדער קלאַפּ איִרער מיִטן פּראַניִק פֿאַרהיִלכט די לוּפֿט און קליִנגט אָפּ אַפֿן צווייטן, מיִט וואַלד באַוואָקסענעם ברעג.

— גוּט מאָרגן, דערהערט שוּרע פֿוּן טייך. אַזוי פֿרי אוּן דו אַרבעטסט שוין?

זי דערקענט ניִקאָלאַיען. ער זיִצט איִן אַ קליין שיפֿל און טרייבט צום ברעג עטלעכע קלעצער.

— דוּ, זע איִך, „אַרבעטסט" אויך, ענטפֿערט איִם שוּרע: פֿון וואַנען טרייבסטוּ די קלעצער?

— קאָשער פֿאַרדיִנטע.

— ניִט קאָנטיִק, קאָליאַ, אַז דוּ זאָלסט זיי קאָשער פֿאַרדיִנען.

— פֿוּן סאָוועטסקע פּליִטן אָפּגעהאַקט, אַליין זיי אַראָפּן וואַסער אַראָפּגעלאָזן.

— ווּעסט האָבן צאָרעס, ניִקאָלאַי, געהילץ פֿון הוּטע?

— ניט פֿון הוּטע.. פֿאַרוואָס צאָרעס? די וועלדער געהערן די פּויעריִם.

גוּט, גוּט. דוּ וועסט שוין וויסן, וועמען עס געהערן די סאָוועטיִשע פּליִטן.

ניִקאָלאַי שוויִמט צו צום ברעג. קריִכט אַרויס פֿון שיִפֿל, שלעפּט אַרוּף אַפֿן ברעג די קלעצער די געגאַנווּעטע און גייט צוּ צו שוּרען. דאָס העמדל פֿאַנאַנדערגעשפּיִלעט און אַראָפּגעהאַנגען איִבער די נאַסע שמאָלע לייוונטענע הויזן אַף די באָרוועסע פּיִס. דער האַלדז איִז ברוין און וויִנטיק ביִז טיִף אין העמד אַריין.

— ווען דוּ, שוּרעטשקע, רייבסט זיִך ניִט אַרום די קאָמוּניסטן. און גיִט איִר אַ זעץ מיטן פֿוס איִן זייט.

— שלאָג זיך ניט, ניִקאָלאַי; פֿון דאַנען גיי אַוועק—איך וויִל זיִך אויסבאָדן.

— איִך אויך, וועלן מיִר זיִך באָדן צוזאַמען.

— קאָליע, כוליִגאַניע ניִט. גיי אַוועק.

— וואָסטוּ מיִר טאָן?

— מיִט זאַמד די אויגן דיִר פֿאַרשיִטן.

— נוּ?!

— ערן וואָרט... נוּ, אַוועק פֿוּן דאַנען, איִך דאַרף זיִך אויסטאָן.

ניִקאָלאַי באַווייזט נאָך ניִט אַפֿן ברעג זיִך אוּפֿהויבן, ווי ער דערהערט היִנטער זיִך אַ שפּרוּנג איִן וואַסער. שוּרע האָט גלייך פֿוּן פּליִט זיִך געלאָזן שוויִמען איִן דער ברייט פֿוּן טייך. „ווי זי שוויִמט", האָט ניִקאָלאַי זיִך אָפּגעשטעלט, האָט צונויפֿגעוויִקלט אַ פּאַפּיִראָס, פֿאַרויכערט, אויסגעשאָסן מיִט סליִנע פֿון מויל און האָט אָפּגעטראָטן איִן די קאָרן.

אַז שוּרע, אַן אָפּגעפֿריִשטע, מיִט אַ פֿייכטן קאָפּ האָר, און צוויי צעפּ שטייף איינגעפֿלאָכטענע, איִז צוריק פֿון טייך געקומען, איִז שוין איִגנאַט באַם טיִש געזעסן. דער גרויסער אויוון האָט זיך גוּט פֿאַנאַנדערגעהייצט, נאָר מאַריע באַנוּגנט זיך ניִט—זי האַלט אין איין אונטערוואַרפֿן דיִנע טרוּקענע ריִטלעך, וואָס איִגנאַט האָט נאָך נעכטן אַפֿן קלאָץ אָנגעהאַקט, צונויפֿקלייבנדיִק פֿריִער דעם אָפּפֿאַל איִן דעם נאָענטסטן וואַלד און ברענגענדיִק דאָס אַהיים איִן הויך אָנגעלייגטע פֿוּרן, איִן דרייען העכער פֿאַרן פֿערדל.

— מאַמע, בליִנעס?

— לאַטקעס, דערבאַק, און איִך וועל זיִך צוזעצן.

— וואַקסט איִן דער מאַמען, שוּרקא, באַמערקט מיִט האַנאָע איִגנאַט, זיִצנדיִק אויבנאָן באַם טיִש און מאָלנדיִק מיִט די נאָך יונגע ציין די אַכיִלע.

שמאַיעט שוּרע היִן און צוּריק—פֿוּנם פֿלאַקערדיִקן אויוון צום טיִש און פֿוּן טיִש צוּריִק צום אויוון. געבליִבן נאָך איִן דער היִלצערנער שיִסל גריִקענע ראָשטשענע אַף צוויי—דריי סקאָווערדעס לאַטקעס אָפּצובאַקן... איינס, צוויי, דריי, פֿיִר פֿיִנף, זעקס—גיִסט שוּרע פֿליִנק פֿאַנאַנדער פֿוּן דער היִלצערנער קאָכלעפֿל די לאטקעס איִבער דער אָנגעפֿלאַקערטער פֿעטער סקאָווערדע און גליִטשט געשוויִנד עס איִן אויוון אַריין. פֿוּן אונטער רעם דיִנעם פּויערשן לייוונט צאַפּלט זיך מיידלשער כיין.

— אַי, גוּט, שוּרקא, גוּט. פֿריִשיִנקע און וואַרעמיִנקע און פֿעטיִנקע, באַלעקט זיך איִגנאַט. מאַריע, ווי ניִט איִר מיינט מען, רוּקט צוּ נעענטער צוּ איִגנאַטן דאָס צולאָזענע פּוּטער, און פּרוּווט זיך אַליין נעמען צוּ די לאַטקעס, עס עסט זיך אָבער פֿאָרט ניִט.

— עס, עס, מאַריע, רעט איין אַן אָנגעפּאַקטער מויל.

מאַריע דערשליִנגט מיִט גוואַלד נאָך אַ ביִסן, הויבט זיך אוּף פֿוּן טיִש, ציילעמט זיִך איִבער פֿאַר דער איִקאָנע און נעמט זיִך אַ קראַנקע פֿאַר באַלעבאַטיִשקייט.

— פֿאַנאַנדערזעצן קרויט מוּז מען, אויסשלאָגן פּוּטער מוּז מען, אָפּבריען די וויערמיִלך איִן אויוון מוּז מען, צוּם לאָשעקל, צוּם קעלבל, צוּ די היִנער, צוּ די כאַזיירים...

ניקאלאי דרייט זיך ארום.

אַרום לעסאָרובאָווקע זיינען נאָך פֿאָרגעקומען אָפּטע אָנפֿאַלן אַף סאָוועטישע און קאָאָפּעראַטיווע טוער, אַף יידישע יישוווים, אַף דורכפֿאָרער. אָנהויב פֿרילינג האָט מען דערטרונקען אַ לייבע מיט סאָוועטישן ברויט, באַראַבעוועט קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, דערהאַרגעט אין אַ ראַיאָן דעם פֿאָרזיצער פֿון וואָלאויספּירקאָם, אויסגעקוילעט אַ יידישע געזינד. אין גובערניע זיינען אַ טייל מאָבילוזירטע כאַווייריס באַשטימט געוואָרן אין באַנדיטישע געגנטן; ווו דער פויערשער באַפֿעלקערונג איז נימעס געוואָרן דאָס געפֿערלעכע שפּיל און האָט אין דער שטיל אָנגעהויבן אַרויסגעבן די באַנדיטישע נעסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך דאַן געהאַלטן אין די ניט דורכגייענדיקע זומפּיקע וועלדער. איינצלנע באַנדיטן און גרופּעסוויז זיינען געקומען מיט געווער און מיט אַ מעלדונג:

— גענוג... טוט מיט אונדז וואָס איר ווילט.

פיאָטר איז דאָס מאָל ניט אוועק אַפֿן פֿראָנט, ווו די סאָוועטישע פאָלקן האָבן אָפּגעהאַלטן גלענצנדיקע ניצחוינעס. ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פֿאַרוואַלטער פֿון גלאָז-זאַוואָד און אַלס פֿאָרזיצער פֿון דעם אויסעראָרדענטלעכן דריילינג אַף צו ליקווידירן דעם באַנדיטיזם אין זיין ראַיאָן.

פיאָטר איז געקומען נאָר וואָס פֿון שטאָט און איז פֿאַרפֿאָרן אַהיים צוט טאַטן. ער האָט געבראַכט פֿון טשעקא אַ וויכטיקן באַשלוס—קיינע רעפּרעסיווע מיטלען בענויגייע צו די איינצלנע באַנדיטן פויערים אָדער אָפּילע גאַנצע באַנדעס, וועלכע קערן אום די געווער און גיבן אָן אַ מעלדונג, אַז זיי אַנערקענען די סאָוועטישע מאַכט און ווילן צוטרעטן צו פֿעלד-אַרבעט.

אַרום אַ פלאקאט, וואָס איז געווען אויסגעהאַנגען אַפֿן טיר פֿון דאָרפֿסאָוועט, האָבן זיך געקליבן פויערים און האָבן סאָפּעקדיק געקראַצט דעם אַקן.

— איך וואָלט וועלן זען דעם נאר, וועלכער וועט קומען צו זיי מיט געווער אין האַנט. אַ לאַוושקע פֿון טשעקאַ, האָט ניקאָלאַי געדרייט אַ פּאַפּיראָס און געשאָסן מיט שפייעכץ.

— דו בונטעוועסט ניקאָלאַי, וואָס באַטרעפֿן זיי איצט, די דויטע האָבן דעם באַראָן צו אַלדי שוואַרץ יאָר אָפּגעשליידערט—מיינען די באָלשעוויקעס, דער פויער זאָל זיך נעמען פֿאַרן אַקער האָבן אלטע פויערים געהאַלטן די באָרד אין האַנט, געפּיפּקעט און געקוקט מיט בלינדע אויגן אַפֿן פלאַקאָט.

— מיר וועלן זען, האָט ניקאָלאַי געקראַצט זיך אין רוקן.

די הוטע האָט זיך געפֿונען אין אַ קלאָגעדיקן צושטאנד. די וואַנע-אויוונס זיינען ערטערוויז געווען צושפּאָלטן און האָבן זיך גענויטיקט אין אַ פֿונדאַמענטאַלן רעמאָנט, דאָס אַרבעטער-שטעטל, די דירעס פֿון די ארבעטער זיינען שטאַרק אָפּגעלאָזן געוואָרן, עס האָט גערונען פֿון די דעכער: פיאָטר האָט זיך ענערגיש פֿאַר דער אַרבעט גענומען. אַפֿן ברעג טייך האָבן זאוואָדישע גוט באוואָפֿנטע שאָמרים געהיט אָנגעקומענע פליטן מיט האָלץ—קלעצער, ברעטער און דראָניצעס. פיאָטר האָט באשלאָסן נאָר וואָס גיכער אַרויספֿאָרן צום הוטע. ער האָט אין לעסאָרובאָווקע צונויפֿגערופֿן אַ סכאָד פֿון די אַרומיקע דערפֿער: פויערים האָבן געדרונגען זיך:

— מיר דארפֿן ניט קיין פאפירלעך.

— איך זאָג דאך אייך, אז איר וועט באַקומען פֿאר דער אַרבעט שניט-סכוירע און אויך טיי-גלעזער, לאָמפּן-גלעזער, פלעשער טעפּיקע, מיר צאָלן מיט סכוירע,

פֿון הוטע האָט מען טאקע געבראכט אין לעסאָרובאָווקע אַ פֿור מיט גלאָז-געשיר. אָנשטאָט דעם צווייקעפּיקן אָדלער אַפֿן דעק פֿון די טעפּיקע פלעשער און אַפֿן ברעג פֿון די 15-נער לאָמפּן-גלעזער האָט די הוטע ארויסגעלאזן די נייע סאָוועטישע מארקע מיטן סערפּ און האמער.

ניקאָלאי האָט ארויסגעשלעפּט פֿון א קאסטן אַ טאָפּיקע פלאש און האט לאנגזאם און הויך איבערגעלייענט:

## „ווע עס ען כא”.

## גלאָז-זאַוואָד אַפֿן נאָמען פֿון כ׳ ווארקין.

— אט דאָס איז א טיי-גלאָז? האָט ניקאָלאי באוויזן אלעמען. זעט, וואס פענכערלעך, און גרין ווי גראז. און האָט גענומען באַם שוימער פֿון דאָרפֿראט אן אלטע, נאָך פֿארמילכאָמעדיקע גראנירטע טייגלאָז, און באַוויזן דעם סכאָד.

— אָט דאָס זיינען גלעזער.

פויערים האָבן געשמייכלט און דאָבן כיטרע געקוקט אף פיאָטערן.

„עפּשער גאָר אים אַרעסטירן”, האָט פיאָטר אַ טראַכט געטאָן, נאָר ער האָט באַלד כאַראָטע געהאַט, ער האָט איינגעהאַלטן געזאָגט:

— זאָרג ניט, ניקאָלאַי, פֿאַר קאָהאָל! די הוטע וועט לעבן אָן דיר און אָן דיין פֿערד. דו ביזט אַ קנעכט, אַ כאַלאָפּ ביסטו, ניקאָלאַי. דו וואָלסט וועלן, די לעסאָרובאָווקער פויערים זאָלן צוריק דעם פֿאָרעץ פֿון אויסלאַנד אַראָפּברענגען. לאָמיר אים בריווער, אָנשרייבן אַ פּאַפּיר... דעם פֿאָרעץ... זעץ זיך שרייבן, ניקאָלאַי...

ניקאָלאַיען האָט עס דורכגעשטאָכן.

— דו, פיאָטר, באַיקע ניט מיטן פֿאָרעץ... ווו איז באַ דיר מאַנופֿאַקטור?

— ניט דיך דאַרף איך און ניט דיין פֿערד דאַרף איך. דו ביזט ניט מיט אונדז—מיט זיי, וואָס פייגערן פֿון הונגער אין די וועלדער... ברידער! אַלעטאָג נאָך דער אַרבעט צאָל איך זיך פֿאַנאַנדער. מאָרגן ברענגט מען אַפֿן זאַוואָד שניט-סכוירע, ציץ, געוואַנט שוואַרצע, טיכלעך, שאַליקעס. ווענען האָב איך אָפּגענאַרט, זאָל ווער זאָגן.

— איגנאַט און די איגנאַטיאָנקעס נאַרן קיינעם ניט, האָט אַ פויער געזאָגט.

דער סכאָד איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען שפּאַנען די פֿערד.

פיאָטר איז אַוועק אַהיים. דאָרט האָט ער געטראָפֿן דעם לערער, ער איז נאָר וואָס געקומען פֿון וואָלבילדאָפּטיילונג און געבראַכט פֿון דאָרטן וויכטיקע ניים—אַ פֿאַראָרדענונג אין פֿאַרלויף פֿון אַ וואָך באַפֿרייען די גאַנצע שול, אויסווייסן, אויסוואַשן, דעזינפֿעקצירן—אין לעסאָרובאָווקע קומט אָן אַפֿן גאַנצן זומער אַ קינדער-קאָלאָניע.

— איך ווייס, האָט פיאָטר באַשטעטיקט. צו אונדז קומען אין דאָרף 60 קינדער—יידישע.

— יידישע? היילּיקע באָהאָראָדיצע, האָט זיך מאַריע אי־בערגעציילעמט.

פיאָטר האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס שרעקסטו זיך מאַמע, האָט פיאָטר מאַריען אַרומגענומען, גוטע קינדער, ניט ערגער פֿון אונדזערע, פויערשע, פראַוואָסלאַוונע. און אויך די פֿאַרוואַלטערן אַ גוטע מיידל, מאַמע.

— אַ יידישע, האָט דער לערער געפֿרעגט?

— ווי זשע? דער גאַנצער שטאַט איז אַ יידישער, די פֿאַרוואַלטערן אויך—האנקע, מאַמע, רופֿט מען איר.

— ניטאָ קיין יידישער נאָמען האַנקע, האָט דער לערער מיט אַ געפֿאַלענער שטימונג דערקלערט... עפּשער כאַנקע?

— איר זייט גערעכט, מען רופֿט זי, טאַקע כאַנקע.

— כאַנקע—קאָן זיין, האָט זיך דער לערער באַרויקט, און האָט פֿון בוזימקעשענע אַרויסגענומען אַ בריוו פֿאַר איגנאַטן.

דער בריוו איז געווען פֿון מיכאַילן, פֿון איגנאַטס עלטערן זון, וועלכער דאַרף ענדיקן די אַוויאַשול. אין בריוו איז געלעגן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ גרופּע שילער, צווישן וועלכע מאַריע האָט דערקאָנט איר מישען, זי האָט אָנגעהויבן וויִשן דעם נאָז מיטן פֿאַרטעך.

„מיר האָבן זיך די טעג אופֿגעהויבן הויך. איך פֿיל זיך איצט אין מאַשינע גאָר גוט... וואָס זאָגסטו, מאַמאַשאַ, דורכשניידן די וואָלקנס און הויבן זיך אַלץ העכער און העכער, נאָר האָב ניט קיין פֿאַרדרוס, איך פֿיל זיך אין די וואָלקנס, ווי אין פוניע אַף די היי, אַבי די מאַשין אַרבעט און די הענט אַרבעטן, און טאָמער האַלט שלעכט, איז דאָ אַ מיטל אַרויסשפּרינגען".

— די בייזע שאָ זאָל ניט זיין, האָט זיך מאַריע געציילעמט.

נאָך פיאָטרען איז געקומען אַ פור פֿון הוטע.

— דו פֿאָרסט אין שטאָט היינט, שורקע, איז ער צוגעגאַנגען צו דער שוועסטער און האָט זיך מיט איר צוקושט און איז פֿון שטוב אַרויס.

ביז פֿאַרנאַכט מוז שורע באַווייזן ביזן באַנסטאַנציע, עס וועט אויסקומען גיין צופֿוס. דער טאַטע מיטן פֿערד איז אַפֿן פֿעלד—פֿאַרזייט האָבער.

האָט שורע אָנגעלייגט אַ שווערע טאָרבע מיט עסן זאַכן, מיט וועש, מיט זומערדיקע קליידלעך, האָט דורכגעשפּאַרט פֿריער די רעכטע דערנאָך די לינקע האַנט דורך די זייטיקע טאָרבע־שטריקלעך, אַפֿן רוקן עס גוט איינגעלייגט, און איז אַוועק מיטן וואַלד צום סטאַנציע.

אַז שורע איז אין וועלדל אַריין, איז, יאָנטעוודיק אָנגעטאָן, אַרויס אַנטקעגן ניקאָלאַי.

— ווּהין גייסטו שורע, האָט ניקאָלאַי אָנגעהויבן.

— צום סטאַנציע.

— צו די קאָמוניסטן?

— צו די קאָמוניסטן.. און דו?

— איך וויל דיך באַגלייטן.

— אַ נייטיקע מעלאָכע.

— וויַיז די טאָרבע—איכ'ל דיר העלפֿן טראָגן.

— אַן עמעסער קאַוואַלער.

— אַלץ עסן זאַכן?

— אַלץ עסן זאַכן.

— אַלע קאָמוניסטן אָנקאָרמענען—כאַ־כאַ־כאַ!

— וואָס פֿאַרגינסטו זיי ניט?

— ווער זאָגט דיר, אַז איך פֿאַרגין זיי ניט?

— היינט וואָס שלעפּסטו זיך נאָך, אַזאַ כלאָפּעץ ווי דו נאָכשלעפּן זיך נאָך מיידלשע קליידלעך.

— די זשידליקעס זיינען דיר, אַפּאָנים, שורקע, דאָרטן אין שטאָט...

— פֿאַראַן צווישן זיי גוטע כעוורע.

— בעסער איידער איך, שורע?

— דו לאַכסט, ניקאָלאַי? „בעסער פֿאַר דיר"? ווער איז ניט בעסער פֿאַר דיר? דו ווילסט זיך נאָך פֿאַרגלייכן צו אונדזערע יאַטן? מיעס, קאָלקע, וואַקסט אַ גאָרנישט.

— וויִניק נאָך פֿאַרדינט היינט? ווייסט, וויפֿל עס זיינען ווערט די דריי קלעצער, ווען איך צוזעג זיי אַף ברעטער?

— וואָלסט שוין בעסער זיך ניט באַרימען,

— שורע, פֿאָרן מיט דיר אין שטאָט?

— האַלטסט מיך, קאָליע אָפּ: דו האָסט ניט אין שטאָט נאָך וואָס צו פֿאָרן, און איך מוז באַווייזן צום באַן.

— שורא, געדענק, שורקא.

— וואָס ווילסטו?

— קער זיך אום צוריק אַ היים.

— רעדסט נאַרישקייטן.

— שורא.

— זיי געזונט, קאָליע, דו האַלטסט מיך אָפּ, איך זע, מיט אַ קיוון, איך זאָל צום באַן פֿאַרשפּעטיקן.

שורע האָט געאיילט, קימאַט געלאָפֿן.

ניקאָלאַיען איז ניט אָנגעשטאַנען נאָכלויפֿן נאָך שורען האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

דעריאָגן שורען, אָדער אומקערן זיך, אַהיים האָט ער געטראַכט.

זאָל זי כאָטש באַמערקן, ווי ער איז ריין ראַזירט, ווי די וואָנצעס זיינען אַזוי וואָילעריש פֿאַרדרייט, אַפֿילע דעם גאָלדענעם רונג אַפֿן האַנט באַמערקט זי אויך ניט. מיט פֿאַרדרוס האָט זיך ניקאָלאַי צוריק אין לעסאָרובאָוקע אומגעקערט.

צוריקגייענדיק אַ היים, האָט ניקאָלאַי באַגעגנט איגנאַטן, ער איז געזעסן רייטנדיק אַף זיין בלאָנדער קליאַטשע, זי האָט געשלעפּט אַן אייזערנע סקאָראָדיע מיט די ציינער אַרויף, נאָך איר איז געלאָפֿן אַ לאָשעקל.

— שורקע האָט אָנגעהויבן זיך גרויסהאַלטן, מיט אונדזמוזשיקעס, וויל זי גאָר ניט ריידן.

— וויִניק שיקסעס האָסטו נאָך, ניקאָלאַי, דאַכט זיך, ווי דער גאַלאַנער האָן אַרום די הינער, האָט איגנאַט געזאָגט.

— אָבער דיין שורקע.

— לאָז זי צורו, זי איז נאָך אַ קליינע מיידל.

ניקאָלאַי איז מיטן גאָרטן צו זיך אַ היים אַוועק;

## ז. וויִטענזאָן.

* * *

ניִט געזאגט ווּ אַהיִן און נאָך וואָס—
האָט אַ מאַמע טיִף באַהאַלטן אַ פֿאַרדראָס.

נאָר אַ שאָרך מיִט צעכראַסטעטער שיִנעל,
און אַ מאַמע איִז געפֿאַלן צו דער שוועל.

ווער וועט צוּהערן דער מאַמעס אַ געוויין,
אַז קאָמיוּג האָט צוּוויִקלט זיִך איִן רייען.

אַז קאָמיוּג האָט באַפֿוילן—איִז באַפֿוילן.
איִז אַף וואַנדער, איִז אַף וואָגל, איִז אַף גרויל.

קוּמען טעג, היִניען טעג לעבן פֿלייט—
וואַרט אַ מאַמע—אָט ער קומט, אָט ער גייט.

ווייסט ניִט מאַמע, וועט ניִט וויִסן ווען און ווּ
האָט אַ קויל איִן אים צוגאָסן קאלטן רו,

אָי, געפֿאַלן איִז אַ יוּנג איִן ווייכן ליים,
לעצטער אָטעם ניִט צוּ מאַמען ניִט צוּ היים.

שעפּטשען ליִפּן, נעמען ליִבע פֿון דער פֿרעמד,
ליִגט אַ בריִוועלע פֿאַרטאַיעט אונטער העמד.

אָי, דוּ וואָראָן-וואָראָן פֿויגל, שוואַרצער קאָפּ,
טראָג מיין בריִוועלע, פֿאַרטראָג עס איִן גובקאָם.

ווּעסטוּ דוּרכפֿליען מיין ציִגלנע פֿאַבריִק,
זאָג: געפֿאַלן כ'ביִן אַ טרייער באָלשעוויִק.

איִן דיִ קודלעס פֿון דער גריִניִנקער ראַקיִטע
האָט פֿאַרפּלאָנטערט זיִך אַ טרויעריִקער איִטער.

קוּמען טעג, היִניען טעג לעבן פֿלייט,
וואַרט אַ מאַמע—אָט ער קומט, אָט ער גייט.

* * *

שטיִלע פֿרייד פֿון צועפֿנטע ליִפּן,
לעצטער צאַפּל פֿון נאָענטע בּרוּסטן,
באַלד וועט בּוּלאַנער צוזיִפּן
פֿליִנקע טריִט איִן דער בּלוּילעכער פּוּסטקייט.

פֿאַרגאָסן מיִט בּליי האָריִזאָנטן,
ווען וועט שויִן אָנהויבּן העלן?
ס'האט זיִך לעוואָנע פֿאַרפּלאָנטערט
איִן שטרענגע, איִן מאכיִקע יעלן.

האָט אַ נאַכט ווייכע קוּדלעס צוּשאָטן—
דריִמלט איִן סאָסנעס אַ נאַכט,—
שפּאַן ניִט איִן טוּנקעלע שאָטנס,—
עמיִצער לויערט לעם שליאַך.

נאָר וואַלד איִז מיִט שאָטנס באַהעפֿטן,
בּליי האָט אַ קוּש געטאָן וואַריִם,
נאַכט האָט מיִט טרויער צוּעפֿנט
ווייכע און טוּנקעלע אָרעמס.

דיִ ווייט האט צוּווייט און צוּטראגן
דעם ציִטער פֿון איינזאמען קנאַל,
און שטיִל איִז פֿון היִמל צוּשראָקן
אַ בּלאָניִנקער שטערן געפֿאַלן.

## בּ. אָליעווסקי.

## פֿאַרוואָס זשע האָבּן טעג באַגעגנט מיִך א קיִנד?

גייען שטערן אוּף וויִ זיִלבּערנע קארעלן,
און וויִנטן בּלויע צערטלען מיינע האָר.
...אַף ווייטע סטעפּעס ליגן טויטע העלדן —
כ'האָבּ באגעגנט זיי מיט יוּנגע עלעף יאָר.

פֿאַרוואָס זשע האָבּן טעג בּאגעגנט מיך א קינד
בּא מיר אין לאַנד מיט שטייפֿע רויטע רייטער?
כ'וואָלט איך געווען א שטייפֿער יוּנג
מיִט בּיקס איִן האנט בּא פֿייערן פֿוּן שייטער.

פֿארגייען טעג און לעשן זיך ווי פֿוּנקען,
און איך בּין אזוי יוּנג, און בּלוי איז אזוי ווינט,
וואָס קייקלט זיך מיט שטילן וואָי,
מיט ווייטן בּיל פֿוּן ווייסע הינט...

## נוּ, וואָס בּיִן איִך שוּלדיִק?

אַף שטעטלשע געסלעך, אַף לאָנקעס פֿוּן גריִנעם וואָליִן —
קיִנדערשע יאָרן — איִן בּלויען, און יוּנגיִקן בּאָרוועס.
מיין אוּפֿקוּם — פֿוּן דאָרטן, פֿוּן יענעם בּאַהעלטן בּאַגיִנען,
ווען קאַלטער אָקטיאַבּר זיִך וואַרעמט בּא פֿייער פֿוּן כּוּרוועס.

נאָר וואָס בּיִן איִך שוּלדיִק, אז ס'האָבּן מיִך הענדלער געבּוירן,
איִן יידיִשן קלייטל מיִט אלטער צוּבּראָכענער וואָג?
ווען לאַנד מיינס צוּבּליִט און צוּוואקסט זיִך איִן זאפּטיִקן בּויען,
בּיִן איִך צוויִשן יאטן א איינער נאָך ניִט איִן קאָמיוּג...

אז כ'וויִל מער ניִט שלעפּן דיִ מאסע פֿוּן טאטעשן טרויער,
און הענדלשע לאַץ מיינער ווארט שויִן אף רויטיִנקן „קיִם"—
נוּ, וואָס בּיִן איִך שוּלדיִק, אז ס'האָבּן מיִך הענדלער געבּוירן
אן אוּמרוּיִק קיִנד?

# זיכרוינעס פֿון א קינסטלער.

2.

## אַרבעט, ליבע און שטרעבונג.

אין דווינסק זיינען מיר געקומען גלייך צו וועטשערע. מיר איז געווען זייער ביטער צו זיצן צוזאַמען מיט אַלעמען באַם טיש און עסן, נאָר מיין באַלעבאָס האָט מיר געלייענט אַזאַ לעקציע אַף זיין כסידישן אויפֿן, אַז איך האָב זיך געמוזט אונטערגעבן.

גלייך אַף מאָרגן האָט ער מיר געלאָזט אַן אַרבעט און אַליין איז ער אַוועק אַף אַ גאַנצן טאָג. אז ער איז געקומען און האָט געזען מיין אַרבעט, האָט ער געזאָגט, אַז עס איז ניט גאָר גוט, נאָר אַז איך זאָל זיך נעמען פֿלייסיקער צו דער אַרבעט, וועט פֿון מיר אַרויס אַ קיילע. איך דאַרף נאָך דערצו אַרויסוואַרפֿן פֿון מיין קאָפּ מיינע „מענטשעלעך” און ניט פֿאַרנעמען זיך מיט „כודאָזשעסטווע”. „כודאָזשניקעס”—האָט ער געזאָגט—זיינען פּיאַניצעס, אָרעמע לייט און שטאַרבן פֿון סובאָטקע, אָדער זיי ווערן מעשוגע”. פֿון וואַנען ער האָט דאָס אויסגעקראַצט—ווייס איך ניט, נאָר אַף מיר האָבן זיינע רייד געמאַכט אַן איינדרוק. אַביסל האָב איך פֿאַר אים מוירע געהאַט אויך, וואָרום ער פֿלעגט זיך שטאַרק בייזערן, ווען מען פֿלעגט אים ניט הערן.

מיין פֿאַרגעניגן איז געווען, ווען ער פֿלעגט אַוועקגיין צוליב זיינע געשעפֿטן, און די איבעריקע פֿון שטוב זיינען געווען פֿאַרנומען אין קיך. דאַן, ווען איך פֿלעג בלייבן מאָלן די שילדן, פֿלעגט זיך נעבן מיר צוזעצן די יינגערע טאָכטער, מיר פֿלעגן ריידן, דערציילן איינער דעם אַנדערן מאַיסעס. זי האָט ליב געהאַט צו שטיפֿן. איינמאָל האָט זי אַזוי געשטיפֿט און געשטערט מיר צו אַרבעטן, אַז איך האָב איר גענומען אין מיינע הענט, אַוועקגעלייגט, אָפּגעדעקט און קלוימערשט אָפּגעשמיסן. זי האָט בעשאַס מאַיסע ליבלעך געלאַכט. איך בין געוואָרן עפּעס צוטרעמפּלט פֿון יענער צייט אָן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז עס געווען אַ האַסכאָלע פֿון אונדזער ראָמאַן, האַגאַם איך בין דאַן געווען גאָר יונג און זי נאָך יינגער. דער ראָמאַן האָט געקענט אומבייטן אינגאַנצן מיין לעבן; כ'וואָלט מיט דער צייט געוואָרן אַ טאַטע, דערנאָך אַ זיידע, אָבער ווייט ניט קיין קינסטלער. איר וועט זען ווי אַלץ האָט זיך אויסגעדריבלט און איך בין אַרויס אַ קאָדויש וועטאָהער. נאָר אין יענער צייט האָבן מיר זיך זייער אָפּט געשפּילט צוזאַמען, געראַנגלט זיך און געפּילט, אַז אונדז איז עפּעס אַנגענעם, ווען מיר זיינען צוזאַמען.

דער באַלעבאָס האָט זיך צוערשט גענומען מאַכן פֿון מיר אַ כאָסיד. אָנשטאָט צו גיין נאָך דער אַרבעט שפּאַצירן מיט די אַרבעט-יינגלעך, פֿלעג איך גיין צו מינכע אין שול און בלייבן דאָרטן ביז מאַירעוו, הערן ווי מען לערנט פֿאַרן אוילעם „עין-יעקב”. שאַבעס פֿלעג איך זיצן א גאַנצן טאָג אין שטוב און לערנען מוסער-ספֿאָרים (מיין באַלעבאָס האָט געהאַט אַ גאַנצן אַלמער מיט מוסער-ספֿאָרים און אַ טייערן שאַס). אַז ער האָט דערזען, אַז איך בין ניט קיין „פּוסטיאַק”, האָט ער מיך גענומען פֿירן צו כסידיש, ד. ה. הערן ווי מען כאַזערט איבער וואָס דער גוטער ייד, דער רעבע, זאָגט אָדער דאַרשנט. פֿאַרן שלאָף האָט ער מיך גענויט לייענען פֿאַר אים קאַפּיטלעך פֿון טאַנאַך. ער פֿלעגט גיך איינשלאָפֿן. איך פֿלעג דאַן פֿאָרזעצן מיין אַרבעט פֿון מאָלן שילדן ביז אַזייגער איינס באַנאַכט און נאָך שפּעטער. איך בין באַ אים מיט דער צייט געוואָרן אַן אייגן-קינד. ער פֿלעגט מיך נעמען מיט זיך אומעטום, וווּ ער פֿלעגט גיין, שאַבעס אָדער יאַנטעוו ווייל קיין אייגענע זכאָרים האָט ער ניט געהאַט.

מיר ביידע, ד. ה. איך, און זיין יינגערע מיידעלע, האָבן זיך שטיל געוואַקסן צוזאַמען און שטיל האָט געוואַקסן אונדזער שטילע ליבע. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט דערלויבט קושן זי, ווייל קושן אַ מיידל איז דאָך אַ גרויסע אַווייִרע. דערפֿאַר האָב איך זיך דערלויב טגלעטן זי בעשאַס זי שלאָפֿט, אָדער שטילערהייט אָפּדעקן איר און באַקוקן איר שיינעם יונגן קערפּער. צייטנווייז וואָלט זי זיך מאַכן ווי זי שלאָפֿט, קעדיי ניט שטערן מיר מיינע „אונטערזוכונגען” באַנאַכט, ווען די אַלע שטוביקע האָבן געשלאָפֿן און שנאַרק געכראָפּעט. נאָר ניט איינמאָל בין איך דורכגעפֿאַלן און זייער מיעס. איך וועל זיך דערלויבן דערציילן איניקע אינטימע מאַיסעס פֿון מיינע באַנאַכטיקע „אָבכאָדן”.

אין די ווינטער-נעכט פֿלעג איך זיצן שפּעט און אַרבעטן. צייטנווייז פֿלעג איך איינדרעמלען אַף דעם שילד מיט דער ליכט אין איין האַנט און מיט דעם פּענזל אין דער צווייטער. איר שטעלט זיך פֿאָר, וואָס ס'פֿלעגט ווערן פֿון דער אַרבעט! די גאָלדענע בוכשטאַבן פֿלעגן צושמירט ווערן און איך פֿלעג דאַרפֿן עס אָפּרייניקן און דאָך פֿלעגן בלייבן פֿלעקן. איך וואָלט שוין קריגן אַ גוטן כיילעק פֿאַר אַזאַ אַרבעט, נאָר איך האָב געפֿונען צוויי מיטלען ווי אַזוי ניט איינדרעמלען. דער ערשטער מיטל איז באַשטאַנען אין דעם, אַז איך זאָל צולייגן דעם קאָפּ צו דער קליאַמקע פֿון דער אויסן-טיר, און דער צווייטער מיטל איז געווען—אַריינגיין אין צימער, ווו עס שלאָפֿט מיין „ליבע” און קוקן אַף איר, ווי זי שלאָפֿט. איידל און פֿאָרזיכטיק פֿלעג איך זי גלעטן און דורך דעם פֿאַרטרייבן דעם שלאָף. ויהי היום, שפּעט אין דער נאַכט האָב איך פֿאַרבלאָנדזשעט, ווי מיין שטייגער איז, צו איר אין צימער. איך בין אַ צייט געשטאַנען, ווי פֿאַרשטיינערט פֿון היספּאַילעס: זי איז געלעגן מיט דער צורע אַראָפּ און דער גאַנצער „וויוו ליאַ פֿראַנס” איז געווען אָפּגעדעקט. וואָס וואָלט געטאָן אַן אַנדערער אַף מיין אָרט—ווייס איך ניט, נאָר מיר איז אַריין אין קאָפּ אַ שמאַדשטיק, וועלכע איז מיר אַראָפּ גיט גלאַט: ווי איך שטיי אַזוי און צאַצקע זיך מיט איר שיינער יונגער פֿיגור—נעם איך די זייף פֿון פּענזל, וועלכן איך האָב געהאַלטן אין האַנט, מאַך אַ גרויסן קאָם מיליענעס און גיב אַ וואָרף און טרעף אָן גלייך אין היילן... די מיליענעס זיינען, ווייזט אויס געווען זייער קאַלט, זי האָט זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ און געגעבן

אַ געשריי אַף מיר און צוגעגעבן אייניקע עפּיטעטן ניט גאָר קיין גינסטיקע פאַר מיר. איך האָב זיך זייער פאַרשעמט, פאַרלאָשן די ליכט און טוס אַפּן אויוון, ווו איך פלעג שלאָפן. פון איר געשריי האָבן זיך אייניקע פון שטוב אויפגעכאַפּט און גענומען זיך פּילפּלען וועגן מיר. נאָר אַזוי ווי אַלע האָבן געוואָלט שלאָפן, האָט מען אָפּגעלייגט דעם „ראַזבאָר דעלאַ" ביז אַף מאָרגן. איך האָב גענומען קלערן וואָס זאָגט מען מאָרגן, ווען מען פרעגט מיך וועגן דער געשיכטע. כ'האָב זיך געמאַטערט צו אויסגעפינען אַ טערעץ און אַזוי פאַרמאַטערט געוואָרן קלערנדיק, אַז איך בין איינגעשלאָפן. אַף מאָרגן, אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, האָט זיך מיר געדוכט, אַז די גאַנצע מאַיסע איז געווען אַ כאָלעם און כ'האָב זיך שוין געפרייט, וואָס דאָס איז ניט געווען אַפּן וואָר.

נאָר מיין באַלעבאָס קעלכעלע האָט מיר באַלד צושלאָגן דעם כאָלעם; יעדער וואָרט זיינער האָט מיר געפּראַשקעט אין פּאָנים; איך האָב זיך זייער געשעמט, יעדער פון שטוב האָט פון מיר געלאַכט. איך האָב ניט געוואַגט אויפצוהייבן דעם קאָפּ. פון דער געשיכטע אָן האָט מען מיר געגעבן אַ צונאָמען „דער פּאָרקעניק". צו איז דער צונאָמען גוט צוגעפּאַסט—איז אַן אַנדער פראַגע; נאָר ס'איז געווען גענוג, אַז איך זאָל דערהערן דעם נאָמען און אין מיר זאָלן זיך בייטן אַלע קאָלירן.

די צייט, ווי געוויינטלעך, פאַרהיילט אַלק. מיט דער צייט זיינען מיר געוואָרן ווייטער גוטע, ליבלעכע פריינט ווי געווען. דערצו האָט מיר געהאָלפן אַ מאַיסע, וואָס איך בין געוואָרן באַשטראָפט דורך איר פאָטער—מיין באַלעבאָס—אומזיסט, אומנישט. די מאַיסע איז געווען פורים.

מיין באַלעבאָס, זאָל געזונט זיין, האָט אין אַלע צייטן ליב געהאַט אַביסל בראַנפן—אַפּשיטע פורים, ווען טרינקען איז אַ מיצווע. ער האָט זיך גענומען צו דער מיצווע נאָך גאַנץ פאַרפרי, און צו וואַרמעס איז ער שוין געווען גוט אָנגעקויסעט. נאָך וואַרמעס האָט ער זיך צוגעלייגט, קעדיי צו דער סודע זאָל ער קענען מעקאַיעם זיין, ווי דער שטייגער איז, דעם „עד דלא ידעי", טאַקע ווי עס פאַסט פאַר אַ כאָסיד. ער האָט מיך צוגערופן צום בעט און האָט אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אים ניט אַנדערש ווי אויפוועקן צו מינכע. ער האָט גלייך גענומען כראָפּען, און מיר, קינדער, האָבן זיך גענומען פאַרברענגען. מיר האָבן געשפּילט אין שאַלאַכמאָנעס, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אַ גלעט, אַ קיצל א.ד.גל. די צייט איז פאַרלאָפן ניט באַמערקבאַר. זי האָט מיך דערמאָנט, אַז עס איז צייט דעם טאַטן אירן אויפוועקן צו מינכע. איך האָב זיך דערלאַנגט אַ וואָרף און גענומען אים וועקן, און ער איז ווי די וואַנט. איך האָב געפּרוּווט אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן. ער מיט די ווערטער: דו גייסט אַוועק פון מיר, מענוול?—האָט ער זיך איבערגעקערט אַפּן צווייטן זייט. פון מיין זייט וואָלט איך אים געלאָזן שלאָפן ביז מאָשיעך קומט, נאָר אַז איך האָב דערזען, אַז די זון האַלט באַם אונטערגיין און ער קאָן נאָך כאַסוועכאָלילע פאַרשפּעטיקן מינכע, האָב איך אים גענומען וועקן ווייטער.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פון בעט ניט ריידנדיק קיין וואָרט, אַוועק אין קיך, אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, אַריין צוריק און האָט מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּראַשק איבערן אויער, אַזש בלוט איז אַרויס.

אַלע שטובּיקע זיינען אויסער זיך געוואָרן פון זיין טאַט. פון פאַרדרוס און ווייטאָק האָב איך זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ער, דער באַלעבאָס מיינער, האָט זיך רויִק אָפּגעדאַוונט און אַוועק אין גאַס נאָך נייע מאַשקע צו דער סודע. איך בין גלייך אַרופגעקראָכן אַף מיין געלעגער אַפּן אויוון און איינגעשלאָפן. מיט אַמאָל שלעפּט מען מיך אַראָפּ פון אויוון און מען גיסט מיר אין מויל אַריין עטלעכע קעלישקעס בראַנפן, אַז איך האָב ניט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. איך האָב געגלאָצט מיט די אויגן און גאָרניט פאַרשטאַנען, צי אַרום מיר דרייען זיך שיידים, צי קאָט לעצאָנים. דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַטייט אַ מין מעכילע-בעטן פאַרן פּאַטש.

נאָך דער מאַיסע איז די מאַיסע „פּאָרקעניק" גאָר פאַרגעסן געוואָרן. מיר זיינען געוואָרן ווי געווען און איך האָב זיך ווידער גענומען צו מיין „לונאַטיזם". דער אַקט פון מיידל-נאָכגייעניש איז מיר זייער געפעלן, ווייל, זייענדיק בעטעווע אַ שעמעדיקער האָב איך ניט געקענט אַרויסגעבן מיינע געפילן אַף אַן אַנדער אויפן. באַנאַכט, אַז אַלע שלאָפן, האָב איך מיין געליבטע געקענט גלעטן און צאַצקען זיך מיט איר שיינעם קערפּער, ווען זי ליגט אַן אויסגעטאָנענע. איינמאָל באַנאַכט, ווען אַלע האָבן שוין געשלאָפן, בין איך אַריין אין איר צימער. ווי געוויינטלעך, איר שיינער געזיכט מיט אירע ראָזע באַקן זיינען מיר געקראָכן גלייך אין די אויגן אַריין. איך האָב זיך געגעבן אַ קלער, אַז מען מוז אַמאָל פאַרזוכן אירן אַ קוש, אָבער ווי טוט מען עס? גאָט, גיב סייכל! איך האָב אָנגעשפּאַרט איין האַנט אַפּן ברעג בעט און די אַנדערע אַפּן וואַנט און גענומען זיך צובויגן צו איר געזיכט. צום שלימאַזל מיינעם, איז די האַנט, וועלכע איז געווען אָנגעשפּאַרט אַן וואַנט, געווען נאַס פון פּאַקאָסט, פון דער אַרבעט און איז געווען גליטשיק. די האַנט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, און אָנווערנדיק דעם גלייכגעוויכט, בין איך אַרופגעפאַלן אַף איר. זי האָט דערלאַנגט אַ געשריי: ווער איז דאָס? איך בין ווי א פּייל פון א בויגן אַרויסגעלאָפן און גלייך אין מיין איר מיקלאָט אַפּן אויוון. איך האָב געקאָנט פאַרלייקענען שטיין און ביין, אַז איך ווייס ניט פון וואָס צוזאָגן, נאָר מיין אייגענע האַנט, וואָס איז געווען אָפּגעכאַסמעט אַפּן וואַנט האָט מיך אַרויסגעגעבן.

זוכנדיק מיטלען צו באַזייטיקן די אַלע מעניעס, וועלכע שטערן מיר צו „באַהערשן" מיין „געליבטע", האָב איך זיך דערמאָנט וועגן דעם כלאָראָפאָרם. אַרבעטנדיק אַמאָל אין אַן אַפּטייק, האָב איך געהערט וועגן אַזאַ מין „כלאָראָפאָרם", פון וועלכן מען שלאָפט איין. ווען איך האָב דעם כלאָראָפאָרם וואָלט איך שוין ניט מוירע געהאַט און וואָלט געקענט קושן מיין געליבטע וויפל מיין האַרץ געלוסט, קוקן אַף איר אין אַלע פּאָזעס און הערן זי ווי אין טראָק. נאָר ווי באַקומט מען אים דעם כלאָראָפאָרם? מיין באַלעבאָס האָט געהאַט א מינהעג נעמען אַף שאַבעס אַן אָרעמאַן פון שול, צי א יידישן סאָלדאַט. איינמאָל האָט ער מיטגעבראַכט פון שול א סאַלדאַט, כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז ער אַרבעט אין לאַזאַרעט פון פעסטונג, איך האָב זיך מיט אים פאַנאַנדערגערעט

און פֿארפֿירט א שמועס מעקויעך כלאָראָפֿאָרם, זאָגט ער מיר, אז דאָס איז א מין געלבלעכע מיקסטור און עס קאָסט אַנדערהאלבן רובל אַ פֿלעשל, און אַז ס'איז גענוג צוויי טראָפּנס אין א גלאָז וואַסער אַף אײַנצושלאָפֿן ווי אַ שטיין. איך בין מיט אים דורכגעקומען און ער האָט מיר געבראַכט אַביסל געלבלעכע וואַסער. מיין פֿאַנטאַזיע האָט מיר שוין גענומען מאָלן בילדער איינס אינטערעסאַנטער פֿון אַנדערן. כ'האָב באַשלאָסן אויספּרוּוון די ווירקונג פֿונם „כלאָראָפֿאָרם" פֿריער אַף זיך זעלבסט. איך האָב עס אָפּגעלייגט אַף שאַבעס, ווען קיינער איז אין שטוב ניטאָ. איך האָב קאם זיך דערוואַרט אַף שאַבעס באַטאָג. איך בין אַרוף אַפֿן בוידעם, אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער, אַרײַנגעטאָן צוויי טראָפּנס און, אויסציִענדיק זיך אַף צום שלאָפֿן, אויסגעטרונקען. איך ליג אַ צייט און עס איז גאָרנישט. איך האָב געפּרוּווט 10 טראָפּנס אין אַ גלאָז און ס'העלפֿט ניט. איך האָב גענומען העלפֿט אַף העלפֿט—און ווייטער גאָרניט. צום סאָף האָב איך אויסגעטרונקען אַ גאַנצע גלאָז ריינעם „כלאָראָפֿאָרם"—און ניט אַ סימען פֿון אַ דרעמל. אין מויל איז נאָר געבליבן אַ טאַם פֿון עפּעס געזאַלצן און נודנעקייט. ערשט דאַן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דער סאָלדאַט האָט מיך אויסגענאַרט. ער איז פֿון דעמאָלט אָן טאַקע מער ניט געקומען צו אונדז עסן.

דערווייל נאָך אַזוינע און נאָך מאַיסעס האָט מען אין שטוב גענומען פֿילן, אַז דער באָכער איז פֿאַרליבט. מען האָט גענומען געבן מיין באַלעבאָס אָנצוהערעניש ער זאָל וועגן דעם נעמען קלערן. דערצו האָט מען צוגעגעבן, אַז איך בין דער גרעסטער קינסטלער אין געגנט, אַז איך בין זייער ערלעך און טריי צו אים, אַז איך בין זייער פֿרום, וואָרום ווי נאָר אַ פֿרייע מינוט, נעם איך אַ געמאָרע אָדער, גלאַט, כ'קוק אַריין אין אַ סייפֿער—טאָ וואָס דאַרף מען נאָך? מיין באַלעבאָס איז עס אַריין אין נאָז. נאָר אַזוי ווי אַ כאָסיד טוט גאָרנישט אָן דעם רעבן—איז געבליבן באַ אים צוצופֿאָרן האַלטן זיך אַן אייצע מיטן רעבן. ניט אויסזאָגנדיק מיר פֿון זיין פּלאַן, האָט ער מיך גענומען צוריידן פֿאָרן מיט אים צום רעבן, ווייל קאָלזמאַן—זאָגט ער—איך וועל ניט זיין באַם רעבן און כ'וועל אים ניט זען מיט מיינע אויגן—וועל איך ניט זיין קיין ריכטיקער כאָסיד. איך האָב זיך געלאָזט אײַנריידן און אין אַ קורצער צייט אַרום זיך אײַנגעפּאַקט און מיטן פּאָיעזד אין וויטעבסק דורך אָרשע אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַפּיס, ווייל מיין באַלעבאָס איז געווען אַ קאַפּיסער כאָסיד.

געווען בין איך ניט קיין מיעסער באָכער פֿון אַ יאָר 18, אַ מאָגערער. געגאַנגען יידישלעך געקליידעט, אַביסל פֿראַנטאָוואַטע. אַז איך בין אַריין צום רעבן, איז אויסגעקומען צו וואַרטן אַ קליינע צייט. איך האָב באַמערקט, ווי פֿון אַ זייטיקן צימער וואַרפֿט אַף מיר אירע בליקן דעם רעבנס טאָכטער. זי איז געווען גאָר ניט קיין מיעסע. מיר האָבן זיך גענומען דורכוואַרפֿן מיט בליקן, נאָר איך האָב עס באַלד געמוזט איבעררייסן, ווייל מען האָט מיך אַריינגערופֿן צום רעבן אַף יעכידעס. מיין באַלעבאָס האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אַף דעם רעבן ניט קוקן. נאָר אַז איך בין צו אים אַריין, האָב איך אַף אים אַזוי אַזעסדיק אַ קוק געטאָן, אַז ער האָט געמוזט פּאַסעווען פֿאַר מיין קוק.

מיר האָבן באַם רעבן פֿאַרבראַכט איבער שאַבעס. צוריקפֿאָרנדיק ביז אָרשע, איז געווען זייער פֿריילעך, ווייל עס איז געווען אַ פֿול געפּאַקטע פֿור מיט כסידים. מען האָט די גאַנצע צייט געזונגען כסידישע לידער און ניגונים. איך האָב זיך געפֿילט גאָר ווי אַ ניי געבאָרענער, איך בין געוואָרן באַ זיך אין די אויגן גאָר אַן אַנדער מענטש. אַ קלייניקייט? געוואָרן אַ כאָסיד, געווען באַם רעבן און אָנגעקוקט אים פּאָניםעלפּאָנים. קומענדיק אַהיים האָב איך גענומען גיין רעגולער אַלע שאַבעס־צונאַכט הערן כסידיש און שאַבעס פֿאַרן דאַווענען גיין אין וואַסער. כ'בין געוואָרן אַ כאָסיד מיט אַלע קליפּעלעך. גייענדיק אין גאַס, פֿלעג איך אַראָפּלאָזן די אויגן, אַז איך זאָל כאָסוועשאָלעם ניט ניכשעל ווערן מיט אַן אישע, געגעסן וואָס ווייניקער, ווען די אַכילע איז געווען זייער געשמאַק—אַוועקגעגאַנגען פֿון מיטן עסן.

איך בין געוואָרן אויסגעדאַרט און בלייך אַזוי, אַז גאָט און לייט האָבן זיך מיט מיר געפֿרייט. מיין באַלעבאָס האָט מיך אין דעם ניט געמישט. ער האָט גענומען קוקן אַף מיר מיט גרויסקייט ווייל, ווי זאָגט מען עס? עס איז דאָך מאַיסיי יאָדאָוו. פֿאַרדערפֿאַר האָב איך געהאַט אויסצושטיין פֿון מיין אַלטן באַל־יויעץ, כ'מיין פֿון דעם יויצערהאָרע מיינעם. ווי נאָר באַנאַכט, פֿלעגט ער מיך נעמען טרייבן פֿון אויוון מיט די ווערטער: דו קענסט זיך זיין דער גרעסטער צאַדיק און דאָך גייט עס איינס אָן דעם אַנדערן ניט אָן. זיי ניט קיין נאַרעלע און דרעמל ניט! גרעסערע צאַדיקים ווי דו זיינען אין דעם פּראַט פֿון נאָשים, ווי די נאַטור פֿאָדערט. כ'האָב גענומען פֿילן, אַז אין מיר איז אַריין דער נאָכאָש האַקאַדמוינוי. דערצו איז זי נאָך, מאַיסע־סאָטן, געוואָרן צו מיר מער גוטוויליק. היינט וואָלט איך זיך שוין מיט דער קליפּע געמיטלט, נאָר דאַן האָב איך ניט געקענט לערנען דעם פּשאַט.

וועגן מיין געבאָרענעם טאַלאַנט האָב איך ניט אופֿגעהערט צו טראַכטן. מיר פֿלעגט אויסקומען צו מאָלן די בעסערע באַשטעלונגען וועלכע ס'האָט געקראָגן מיין באַלעבאָס: סופֿיטן, פּאַרקעטן, ווענט אין בלומען אָדער פֿיגורן. מיין באַלעבאָס פֿלעגט מיך צולאָזן צו דער אַרבעט, ווייל דאָס איז געווען אין זיינע נוצן, דורכדעם האָט ער געקראָגן אַ שעם און די בעסטע באַשטעלונגען, און אַלע קינסטלער געמאַכט צו בלאָטע. אַמאָל האָט איינער אַראָפּגעבראַכט פֿון קאָוונע איינעם אַ מאָלער, מוישעלע קאָוונער האָט ער געהייסן. געווען אַ קלייניקער, דאַריִנקער יידעלע. ער פֿלעגט ליגן באַם סאַמען פּאָטאָלאָק אַף ברעטלעך און מאָלן צאַצקעס אַפֿן סופֿיט, צוזאַמענגעדרייט, געקאָרטשעט מיט די אויגן. אַ פּענזל אין איין האַנט און דעם עמער פֿאַרב אין דער אַנדערער. מיינער האָט מיך אַמאָל מיטגענומען צו באַווייזן אַפֿן ביישפּיל פֿון מוישעלע קאָוונער, ווי אַזוי עס איז ניט גוט צו זיין קיין קינסטלער. „האָרעוועט אַזוי פֿיל און איז טאָמיד אַן אָרעמאַן; האָט ניט צייטנווייז קיין ברויט". ער האָט געוואַרט ווי וועל איך רעאַגירן אַף זיינע „ריכטיקע" און „פּראַקטישע" רייד. נאָר אַז ער האָט דערהערט מיין ענטפֿער, אַז „בעסער זיין נאָך צען מאָל אָרעמער און נאָר זיין אַזאַ קינסטלער ווי ער"—האָט

ער מיר אַ זאָג געטאָן מיט קאַעס: „דו ביסט געוועז אַש און וועסט בלייבן אַש. איך האָב מער מיט דיר ניט וואָס צו ריידן. גיי ענדיק די אַרבעט און וואָס גיכער".

פֿון דאַמאָלסט אָן האָט מיר גענומען עקבערן אין מויעך אַ געדאַנק אָט פונקט אַזוי ווי טיטוסעס פֿליג: וואָס וועט זיין? כ'בין שוין דאָ אַכט יאָר און מער ווי אַ שיינעם שילד קאָן איך ניט מאַכן. ניט שוין זשע איז שוין אַלץ פֿאַרפֿאַלן?

פֿאַר דער צייט זיינען מיינע צוויי ברידער אַבע און לייזער געוואָרן מענטשן מיט אַ „פּאָלאָזשעניע". דער עלטערער איז געוואָרן אַ סטאָלנאַטשאַלניק אין שטאָט-אופּראַווע און דער יינגערער איז געוואָרן אַ סעקרעטאַר באַם געהילף-פּראָקוראָר.ביידע האָבן ניט שלעכט פֿאַרדינט. זיי האָבן געפֿירט א שיינעם „שטאָט", ווי מען רופֿט עס אָן באַ אונדז אין שטעטל, און איך פֿלעג אָפֿט קומען צו זיי צו גאַסט.

באַ אונדז אין שטעטל איז געוועז א הויז פּומפּיאַנסקי. זיי זיינען געוועז זייער אינטעליגענטע מענטשן; די עלטערן זיינען געוועז פֿרום, אָבער ניט פֿאַנאַטיש; די קינדער—פֿיר זין און דריי טעכטער—האָבן געענדיקט גימנאַזיע; צוויי פֿון די זין זיינען שוין געוועז סטודענטן. באַ זיי איז געוועז אַן אָפֿענע הויז: אָרעמע, רייכע, אומזיסטע שטודנדן אָדער גלאַט אַזוי, ווער ס'האָט נאָר געוואָלט, איז געקומען און געדרייט זיי א קאָפּ. מיט יעדערן האָט מען זיך באַהאַנדלט פֿריינטלעך און איידל. די יונגוואַרג האָט גערעט רוסיש. די צייט איז דעמאַלט געוועז פֿון קולעמען זיך פֿון יעשיווע אין גימנאַזיע, אָפֿן אָדער שטילערהייט, און יעדער גימנאַזיסט האָט געהאַט ניט איינעם, וועלכן ער פֿלעגט צוגרייטן אין שול אָדער גימנאַזיע.

מיינע ברידער זיינען אויך געוועז „אַריינגייער" צו די פּומפּיאַנסקיס אין הויז, און, אַז איך בין אַ מאָל געקומען צו זיי צו גאַסט, האָבן זיי מיך אויך מיטגענומען. מיר זיינען זיי זייער געפֿעלן געוואָרן, איבערהויפּט זייער באַהאַנדלען זיך מיט אַזוינע, ווי איך, וועלכע קענען ניט ריידן קיין רוסיש און איז נאָך פֿרום דערצו אויך, און דאָך האָב איך זיך געפֿילט באַ זיי ווי אַ גלייכער. דאָסראָוו פֿלעג איך, געוויינטלעך, שווייגן, ווייל איך האָב גאָרנישט געקענט און איך האָב ניט געקענט אונטערהאַלטן זיך מיט זיי אָדער מיט די אַנדערע, וועלכע פֿלעגן באַ זיי זיין; נאָר זיי האָבן עס געמאַכט אַזוי, אַז איך האָב זיך ניט געפֿילט פֿרעמד און איבעריק. כ'האָב זיך דאָרט געפֿילט אַזוי היימיש, אַז איך האָב פֿאַרטרויט דעם עלטערן פֿון די ברידער מיין פּלאַן, ד. ה. מיין פֿאַרלאַנג אָנצוקומען אין דער „אַקאַדעמיע פֿאַר קונסט", נאָר איין זאַך האַלט מיך אָפּ, דאָס איז מיין ניט וועלן שרייבן און מאָלן אום שאַבעס. אַף מיין מוירע צו שרייבן אום שאַבעס האָט ער מיר געענטפֿערט, אַז דאָס איז ניט קיין מעניע, ווייל אָט האָט אַ שאָכן געענדיקט די אַקאַדעמיע און האָט אום שאַבעס ניט געמאָלט.

איך האָב פֿון דעם גענומען טראַכטן. אין דער אַקאַדעמיע האָב איך נאָך אַכוץ אַלץ געוואָלט געפֿינען אַ טרייסט נאָך מיין ליבע, וועלכע האָט זיך גענומען אויסדריבלען. די באַלעבאָסטע האָט געפֿונען, אַז פֿאַר איר פּאַסט ניט מיין ייכעס, ער איז צו קליין פֿאַר איר. וואָרום ווער בין איך און וואָס בין איך? אַ באַלמעלאָכע אַ פֿאַרבערל. ניטאָ וואָס צו איילן, זאָגט זי, און ניטאָ וואָס אַריינצוכאַפּן. זי, די באַלדאָווערטע אַליין, איז אויך געוואָרן עפּעס קאַלטלעך, און פֿון דער אַמאָליקער יונגינקער, שיינינקער מיידעלע איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע מויד, וועלכע קוקט מיט מעשונע מאָדנע אויגן: ריר מיך ניט אָן!

דאָס האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אַנגסטן און פֿאַרדראָס. דערצו בין איך נאָך געווען אַ באַלגאַיווע און אַ שעמעוודיקער, וואָרום ווען איך וואָלט זיך מיט איר דורכגערעט, וואָלט עפּשער געוועז אַנדערש; נאָר דערווייל האָב איך זיך גענומען פֿילן באַ זיי אין שטוב גאָר פֿרעמד. ס'האָט זיך געפֿונען עפּעס אַ שאַדכן, וועלכער האָט מיר גערעט אַ שידעך פֿון מיין שטעטל. כ'פֿלעג אַלע שאַבעס קימאַט גיין אין שטעטל אום צו זען די קאַלע, נאָר ווי איך פֿלעג צוגיין צום שטוב, פֿלעג איך זיך פֿאַרשעמען און פֿלעג זיך אומקערן צוריק, אַזוי האָב איך מיין קאַלע ניט געזען אַדהאַיעם.

אַף יאָנטעוו איז אין שטעטל געקומען צופֿאָרן צו גאַסט איינער אַ טאַלמיד פֿון אַקאַדעמיע פֿון דריטן קורס, איך בין דאַן אויך געוועז אינדערהיים. מען האָט יענעם דערציילט פֿון מיר און ער האָט מיר געגעבן אָן אַרבעט אַף אַ פּראָבע, אַז ער האָט געזען מיין אַרבעט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך קאָן פֿאָרן אין אַקאַדעמיע און אַז איך וועל אויסהאַלטן די עקזאַמענס.

דערווייל האָט איינער מיר גענומען ריידן אַ שידעך מיט אַ טאָכטער פֿון אַ פּעטערבורגער ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט, זייער אַ רייכער קאַצעוו. דער פֿאָטער מיט דער טאָכטער זיינען צוליב דעם ציל אַראָפּגעפֿאָרן צו אונדז אין שטעטל, אים האָט מען אָנגעגעבן אין נאַדאַן, דאָס איך בין אַ „רעמעסלעניק" און האָב וואָינרעכט אין פּעטערבורג, דערצו בין איך ניט קיין פּראָסטאַק און אַ יאַכסן אויך. מיך האָט מען אַרויסגערופֿן אַף שאַבעס פֿון דווינסק און דער שאָכן האָט איינגעאָרדנט אַ זעעכץ מיט דער קאַלע היינטערן שטאָט, אַז קיינער זאָל ניט זען. מיר האָבן זיך געטראָפֿן קלוימערשט צופֿעליק, צוגעגאַנגען און גערעט אַביסל. ווי פֿון דער אונטער ערד האָט זיך אַרויסגעוויזן דער שאַדכן און האָט אונדז אָפּגעפֿירט אַהיים, זי האָט מיר אויסגעזען נישקאָשע, נאָר צי בין איך איר געפֿעלן געוואָרן—ווייס איך ניט. אַז מען האָט באַ איר געפֿרעגט האָט זי געענטפֿערט, אַז אויב איר פֿאָטער וויל—קען זי אים ניט אָנווייזן. מען האָט געמאַכט אַ קיניען און אָפּגערעט טויזנט רובל נאַדאַן. מע האָט מיך גלייך איינגעלאַדן אַף סוקעס צו גאַסט אין פּעטערבורג. נאָכדעם בין איך צוריק אָפּגעפֿאָרן קיין דווינסק און זיך ווידער גענומען צו מיין אַרבעט. אין שטוב פֿון יויצע וועגן האָט מען מיר אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו, וועלכער האָט געהאַט אַ צווייטיקע באַדייטונג.

איך האָב דאַן געאַרבעט באַ איינעם אַ רייכן מאַן, געמאָלן באַ אים דעם סופֿיט אין בלומען און קווייטן. דאָרטן האָט אויך געאַרבעט אַ קלעפּער, וועלכער האָט געהאַט אַ געזעלן. מיט דעם געזעלן האָט זיך אַמאָל געטראָפֿן אַ מאַיסע. ער האָט זיך געוואָלט מיט נאָך אַ יינגל, אַז ער וועט נעמען אַ שטריק, צובינדן איין עק צום בוידעם און דעם צווייטן איינבייסן שטאַרק אין מויל און וועט אַראָפּשפּרינגען פֿון בוידעם אַף דער ערד, האַלטנדיק איינ-

געביסן די שטריק אין מויל. דער נומער איז דורכגעגאַנגען ריכטיק, נאָר די ציינער האָבן זיך אים אויסגעדרייט אַף אַרויף און אַז ער פלעגט אָנהויבן ריידן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער לאַכט און דער געלעכטער איז עפעס אַ מיעסער, אַ יאדאָוויטער. אַז איך בין געשטאַנען אינדערהויך און געמאָלט, גייט צו אָט דער יאַט און גיט אַ זאָג: „הער, יודקע, וואָס מאָלסטו דאָרטן? דאָס איז אַלץ בלאָטע און א גראָשן ניט ווערט. אט אַף דעם הויף, ווו איך וואָין, איז דאָ אַ יינגל אַ קענער, פאָשעט אַן איימע, ער גיט אַ דריי מיטן בלייפעדער—ווערט אַ פערד, נאָך אַ דריי—זיצט שוין אַפן פערד אַ קאזאק. דערביי האָט ער זיך אויסגעהירזשעט מיט זיינע אויסגעדרייטע ציין און נאָך אמאָל צוגעגעבן: „אויך מיר א קענער ביזסטו". וואָס זאָל איך אייך זאָגן—דער סמארקאטש מיט זיין מאַיסע האָט מיך אראָפגעוואָרפן פון הימל אף דער ערד. איך רעכן זיך פאַר דעם גרעסטן קינסטלער אין דער וועלט, און צום סאָף לאָזט זיך ארויס, אז עס איז דאָ נאָך א גרעסערער. און ווער? א יינגל, וועלכער האָט זיך בא קיינעם ניט געלערנט.

איך האָב קוים זיך דערוואַרט, אז ס'זאָל זיך ענדיקן דער טאָג און איך בין גלייך אוועק צום יינגל. דער יינגל איז געווען יאפע, שפעטער—מיינער אַ כאַווער אין אקאדעמיע. ער איז ניט געווען אינדערהיים, אז איך האָב דערזען זיין ארבעט, איז מיר געוואָרן פריילעכער אפן הארצן, דאָס זיינען געווען זייער נאַיווע צייכענונגען. כ'האָב גענומען פאפיר און א בלייפעדער, אויסגעמאָלט א געזיכט און געלאָזן בא אים אפן טיש. מיט גרויס שטאָלץ בין איך ארויס און אוועק צו מאירעוו אין שול, ווי געוויינטלעך. אז יאפע איז געקומען אהיים און האָט דערזען דעם געזיכט, וואָס איך האָב אויסגעמאָלט, איז ער געוואָרן א באָטעלער פון היספאילעס. בעקיצער—אף מאָרגן האָט מען נאָך מיר געשיקט און מיך גערונגען פאר 50 קאָפ. א כוידעש לערנען אים מאָלן. פאר מיר האָבן ניט געשפילט קיין ראָליע די 50 קאָפ. א כוידעש ווי דאָס, וואָס יענער געזעלן האָט זיך בעטערכעט און האָט זיך פון יענעם טאָג אָן געשעמט ווייזן פאר מיר די אויגן. נאָר איך בין אים דאנקבאר, וואָרום אדאנק אים האָב איך זיך באקאנט מיט יאפען.

דער יאפע איז געווען פון זייער אַ שיינעם אָרט. ער האָט געלערנט באַ די בעסטע מעלאַמדים און געלערנט רוסיש באַ די בעסטע לערער. אַ יינגל פון אַ יאָר 16—15, אַ שיינער און אַן איידעלער. דער פאָטער אַ ייד אַ לאַמדן, אַ כאָכעם מיט אַ פאַטריארכאַלישן געזיכט. די מוטער פאָשעט אַ דימענט, אַ צידקאָניעס. אַ כוץ מיין טאַלמיד, זיינען נאָך געווען אַן עלטערער און צוויי יינגערע ברידער. מיר זיינען געוואָרן זייער באַפריינדעט און פלעגן אַרומגיין צוזאַמען שפאַצירן אין אַ ליידיקער צייט.

דאָס איז געווען אַ פראָגרעס פאַר יענער צייט, דאָס אַ באַלעבאַטישער יינגל זאָל זיך כאַווערן מיט אַ באַלמעלאָכע. אייניקע כאַוויירים האָבן אים וועגן דעם טאַקע פאָרגעוואָרפן, נאָר ער האָט זיי אַף דעם געענטפערט, דאָס באַ אים איז די גרעסטע ערע, ווען ער גייט מיט מיר אַרום אָדער, אַז איך קום צו זיי.

דערווייל איז אונטערגעגאַנגען סוקעס און מען דאַרף פאָרן אין פעטערבורג צו דער קאַלע, ווי עס איז געווען אָפגערעט.

דאָס פאָרן האָט געהאַט דעם ציל צו פאַרהערן איינער דעם אַנדערן און אַגעוווּרכע וועט דער מעכוטן באַווייזן זיין געזעלשאַפט די פיירע, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון פראָווינץ און ער וועט אויך מיר ווייזן די ראָלע, וואָס ער שפילט באַ גאָט און באַ לייט.

אַוועקגעפאָרן זיינען מיר זאַלבאַפערט: איך—דער הויפטהעלד—די מאַמע און מיינע צוויי ברידער אַבע און לייזער. איך בין געווען זייער נאַיוו אין וועלט-זאַכן און זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז דער מעכוטן זאָל מיר ניט אָנפייפן אין די אונטערהאַנדלונגען—דעריבער זיינען זיי מיטגעפאָרן.

מיר זיינען אָנגעפאָרן אין פעטערבורג ניט געריכטערהייט, און קיינער האָט אונדז אַפן וואקזאַל ניט באַגעגנט. אין שטוב באַ זיי איז עפעס אויך ניט געווען קענטיק, אַז מען זאָל זיך אַף אונדז ריכטן. אויך איז ניט ניקער געווען אין שטוב, אַז ס'איז ערעווסוקעס. ער אליין איז געווען אין יאַ קע, און די קאַלע איז געווען אין קאָלבאַסנע קראָם, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן. אין שטוב איז נאָר געווען די מוטער, אַ געזונטע יידענע, אַ טויבלעכע, וועלכע האָט אונדז באַגעגנט ניט גאָר היציק, נאָר ווי עפעס ניט רייכע אָנגעפאָרענע קרוווים. מיינע ברידער האָבן זיך גלייך אַוועקגעלאָזן איבערן שטאָט און איך בין געבליבן עלנט. איך האָב געמיינט, אַז אַזוי דאַרף ס'זיין, ווייל איך בין דאָך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געווען אַ כאָסן. מיר און דער מאַמען איז אויסגעקומען אַ ביסל קאָשע: ס'איז שוין שפעט און קיינער איז נאָך ניטאָ פון זייערע קראָמען. אונדז איז געוואָרן עפעס אומעטיקלעך. כ'האָב זיך דערמאָנט אן דער היים, ווי אַלע זיינען שוין אין שול, מען דאַוונט, ס'איז ליכטיק. און דאָ? אָבער פויער און ווידער פויער, און עס פילט זיך ניט קיין האָר יידישקייט.

באַלד איז אַריין דער מעכוטן, געגעבן שאָלעם-אַלייכעם און דערזעענדיק מיין .היטעלע, גיט ער אַ זאָג: „קומט מיר וועלן קויפן אַ קאַפעליוש, אַזוי קען מען אין שול ניט גיין, ווייל ס'זעט אויס ווי אַ פריקאַשטשיטשקע היטעלע". מיר זיינען אַוועק אין אַ מאַגאַזין פון היט און מען האָט מיר אָנגעכליאָבוטשעט אַפן קאָפ עפעס אַ הויכן קוימען. אינדערהיים האָבן אַלע געפונען, אַז איך בין פאָשעט ווי געבוירן געוואָרן אין דער הוט, נאָר דער מאַמען איז אויסגעקומען מאָדנע. זי האָט מיך באַגעגנט מיט דער פראַגע: „וואָס איז היינט, פורים? דו זעסט אויס ווי האָמען". די ברידער האָבן זי באַרויקט, אַז אינדערהיים וועל איך דעם צילינדער ניט טראָגן.

צו מאַירעוו זיינען מיר אין שול ניט געגאַנגען. עסן איז מען געגאַנגען אין אַן אלגעמיינער סוקע, ווו ס'האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן ביז צען פאַמיליעס, איך שטעלט זיך פאָר, ווי איך האָב זיך געפילט. אַלע האָבן אַף מיר געקוקט, ווי אַף אַ כאָסן. דער טומל און ראַעש איז אין סוקע געווען גרויס. אַז מען האָט אָפגעגעסן, איז מען אַוועק שלאָפן. די וואָינונג איז געווען אַ קליינע, מען האָט זיך איינגעאָרדנט, ווער אַף אַ קאַנאַפע און ווער אַף שטולן און מ'איז באַלד איינגעשלאָפן.

אַף מאָרגן זיינע מירביידע אוועק אין שול. ער האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין מיזרעך וואַנט. באַם אַרויסנעמען די טוירע

צום לייענען העד איך ווי נעבן מיר איז אַ טומל: עס פליען שטענדערס און מען גיט זיך שאָלעם-אַלייכעם אין די באַקן. דער מעכוטן האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן פאַרן פלייצע און מיר זיינען אַוועק פון מיטן דאַוונען. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער טומל אין שול פאַרן לייענען איז פאָרגעקומען אָט פאַר וואָס: מיין מעכוטן איז, קעיִדוּאַ, אַ קאַצעוו און האָט געריסן פאַרן פלייש וויפל ער האָט געוואָלט. מען איז אַף אים געווען מאָלע-רעציכע, נאָר מען האָט אים גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל ער איז געווען אויסגעבונדן מיט דער פּאָליציי. אַז מען האָט דערהערט, אַז ס'זיינען אָנגעפאָרן מעכוטאָנים, האָט מען געפונען, אַז עס איז אַ גוטע צייט אָפּצורעכענען זיך מיט אים.

ס'זיינען אַריבער די ערשטע און אויך די אַנדערע טעג סוקעס. מיינע ברידער, די מער געניטע פאַר מיר אין וועלטזאַכן. האָבן איבערגערעט מיטן מעכוטן וועגן אַלץ און עס איז געבליבן, אַז דער מעכוטן דאַרף מיר קויפן אַ גאָלדענעם זייגער אַ מאַטאָנע. אין מאַגאַזין זיינען מיר אַוועק זאַלבעדריט: דער מעכוטן, איך און דער יינגערער ברודער. מיין ברודער האָט אויסגעקליבן אַ זייגער מיט אַ קייט, פאַר וועלכן מען האָט געבעטן 150 רובל. נאָר דער מעכוטן האָט געוואָלט קויפן אַ פּראָסטערן זייגער פאַר 50 ר. האָט מען זיך אָנגעהויבן דינגען. איך בין געשטאַנען גאָר פון דער זייט, ס'איז מיר אַ נאַפּקע מינע, אַזאַ זייגער, צי אַן אַנדערער. די אונטערשטע שורע איז, אַז קיין זייגער האָט מען ניט געקויפט און מען האָט זיך אומגעקערט אַ היים אָנגעבלאָזענע. דער ברודער האָט געזאָגט: מער האָבן מיר דאָ ניט וואָס צו טאָן; לאָמיר פאָרן אַהיים. און טאַקע דעמזעלבן טאָג זיינען מיר אָפּגעפאָרן.

איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין און ניט געקענט זיך געבן אַ ריכטיקן כעשבן וואָס דאָס באַדייט: עפּעס געווען דאַכט זיך אַ כאָסן און אויס כאָסן, איבער וואָס? איבער אַ זייגער, וועלכער איז ניט געפעלן געוואָרן מיין ברודער. אַזוי האָב איך גערעכנט. נאָר די עמעסע מאיסע איז, וואָס איך בין ניט געפעלן געוואָרן דער קאַלע: זי האָט מיך ניט געקענט ווייזן און באַקאַנט מאַכן מיט איר כ-טעס, ווייל איך האָב ניט געקענט ריידן גוט. אויך אין לייענען אַ בוך בין איך געווען שוואַך (האַגאַם זי האָט גע-קענט ניט מער פון מיר). פאַרן פאָרן צו זיי האָט מיך איינער אַ באַקאַנטער געראַטן, אַז איך זאָל עפּעס אויסלייענען פון דער רוסישער, ליטעראַטור, קעדיי איך זאָל זיך קענען אונטערהאַלטן מיט דער קאַלע. איך האָב אויסגעלייענט „פּרעקראַסנאַיאַ יעלענאַ”. און איינמאָל, גייענדיק מיט מיין קאַלע שפּאַצירן, האָב איך איר דערציילט פון אַלעף ביז טאָף אַף רוסיש. איר קענט זיך פאָרשטעלן די גרויסאַרטיקע ליטעראַטור ווען זי איז אַדורך דורך מיין פילטער.

אָט אַזוי האָב איך זיך אומגעקערט פון מיין פאָרן מיט גאָרנישט. נאָר איין נוץ האָב איך יאָ געהאַט: איך בין געווען אין ערמיטאַזש און אין טעאַטער. כ'האָב זיך אויך געזען מיט דעם טאַלמיד פון אַקאַדעמיע, וועלכער איז אַמאָל געווען באַ אונדז אין שטעטל, און פון אים האָב איך זיך דערוווּסט אייניקע זאַכן בענוגייע דעם אָנקומען אין אַקאַדעמיע.

אַהיים זיינען מיר געקומען ווי אָפּגעשמיסענע. איבערהויפּט אַן דעם גאָלדענעם זייגער. געפאָרן, אָנגעמאַכט אַ טומל, און וואָס? איך האָב זיך נאָך געשראָקן, אַז מען זאָל זיך ניט דערוויסן באַם באַלעבאָס. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן שוין אַלץ געוווּסט און אַפילע די מאיסע מיטן זייגער. מיט אַ קיוון פלעגן זיי צושיקן צו מיר פרעגן וויפל איז דער זייגער. איך פלעג יעדן מאָל רויט ווערן, פאַרשטייענדיק וואָס מען מיינט מיט דעם. ס'ווייזט אויס, אַז זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן מיר, נאָר זייער גאַיווע האָט זיי ניט דערלויבט צו ריידן אָפן. אויך איך בין געוואָרן קלער צו מיין געוועזענער „געליבטע” און כ'בין שוין געשטאַנען מיט איין פוס אין אַקאַדעמיע.

באַ מיר איז געבליבן גאָר אינגאַנצן אַוועקגיין פון מיין באַלעבאָס. צו דעם האָט מיר אויך צוגערעט יאָפּע, כ'האָב שטילערהייט אָפּגעדונגען אַ צימערל אין אַ מעזאָנין אף דעם דריטן עטאַזש, און אַז מיין באַלעבאָס איז אָפּגעפאָרן אַף עטלעכע טעג, האָב איך גענומען מיין קליינינקן פּעקעלע און אַריבער אין דער נייער דירע. אַז איך האָב זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט, איז צו מיר געקומען יאָפּע מיט זיינע כאַווירים, מיר האָבן געשטעלט אַ סאַמאָוואַר און געפּראַוועט כאַנוקעס האַבאַיִס. אַז דער באַלעבאָס איז געקומען און האָט דערזען אַז האַיעלעד איינענו—האָט ער געשריען און געפילדערט אַף זיין הויזגעזינד: „סטייטש, ווי לאָזט מען עס מיך אַוועקגיין?” נאָר עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. איך האָב גענומען פאַר זיך אַרבעט, פון וואָס איך האָב געלעבט, און אַן איבעריקן קאַרב אָפּגעשפּאָרט אַף פּעטערבורג.

מיין געוועזענע „געליבטע”, פון וועלכער איך האָב נאָך ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, איז אַ מאָל געקומען צו מיר מיט א וויזיט. זי האָט מיר געבעטן קומען צו זיי, ווען דער פאָטער וועט זיין אַף דער ליניע. איך בין צו זיי געקומען. זי האָט זיך פאַר מיר מוירע געווען, אַז ווען זי וואָלט מיך בעסער באַהאַנדלט, וואָלט איך עפּשער פון זיי ניט אַוועק. נאָר ס'איז שוין פאַרפאַלן. זי האָט מיך געבעטן פאַרבלייבן באַ זיי נעכטיקן און איך האָב זיך געלאָזט איבעררייִדן.

מיין באַשלוס „אַלץ פאַר קונסט” איז געבליבן פעסט, האַגאַם פון אונדזער ליבע איז נאָך געגאַנגען א רויך (און אַ רויך איז דאָך ניט אָן אַ פייער), נאָר איך האָב מיט גרויס האַרצקלעמעניש פאַרשטיקט אין זיך דעם פייער און זיך אָפּגעלייגט אינגאַנצן צו קלייבן זיך אין וועג. אינקורצן האָב איך געקראָגן אַ בריוו פון יענעם טאַלמיד פון דער אַקאַדעמיע, אַז אין דריי וואָכן אַרום הויבן זיך אָן די עקזאַמענס. יאָפּען האָבן די עלטערן מוירע געהאַט צו שיקן אין פּעטערבורג אַליין, ווייל ער איז געווען נאָך גאָר יונג, האָבן זיי אים געשיקט אין וואַרשע, ווו ס'האָט געוואָינט זיינער אַ רייכער פעטער, וועלכער וועט אַגעוו אַף אים אַכטונג געבן, ער זאָל ניט פאַרפעלן קיין מינכע און מאַירעוו און איך בין גלייך אַוועקגעפאָרן אין פּעטערבורג.

.3

## דער ערשטער יאָר אין אַקאַדעמיע.

גירשאָוויטש—דאָס איז דער טאַלמיד פון אַקאַדעמיע, וועלכן איך האָב אויבן עטלעכע מאָל דערמאָנט, דערנאָך אַ באַוווּסטער אַרכיטעקטער—האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט. אין עטלעכע

טעג נאָך מיין קומען בין איך שוין געגאַנגען צום עקזאַמען. ס'האָבן זיך עקזאַמענירט אַ מאַן הונדערט. איך געדענק שוין ניט וויפֿל האָבן אויסגעהאַלטן, נאָר איך געדענק גאַנץ גוט, אַז איך האָב ניט אויסגעהאַלטן, איך בין געבליבן גאָר אויס פּאָרעץ. געווען אין דווינסק אַ גאַנצער „יאַ טעבע דאַם" און דאָ—„גאָרנישט שעבעגאָרנישט". גירשאָוויטש האָט מיך געטרייסט און האָט געזאָגט, אַז איך זאָל באַ זיך ניט אַראָפּפֿאַלן ווייל אין קורצן דאַרפֿן זיין נאָך עקזאַמענס און איך וועל זיך פֿאַר דער צייט קענען צו לערנען. דאַן גאַראַנטירט ער מיר דערפֿאָלג.

באַ דער אַקאַדעמיע איז פֿאַראַן אַ מוזיי פֿון אַנטישע סקולפּטורן און אַהין האָב איך גענומען גיין אַלע טאָג און זייער פֿלייסיק זיך גענומען צום מאָלן. זייער אָפֿט פֿלעגן צו מיר אַריינקומען גירשאָוויטש מיט זיינע קאָלעגן, איבערקוקן מיין אַרבעט, פֿאַריכטן און וויזן, ווי מען דאַרף צייכענען. ס'פֿלעגט צו מיר אַריינגיין אויך דער באַרימטער יידישער קינסטלער אַשקענאַזי, וועלכער האָט צו יענער צייט געענדיקט די אַקאַדעמיע מיט אַ גרויסן מעדאַל. איך האָב געמאַכט גוטע פֿאָרשריט. אין מאַי בין איך געגאַנגען צום עקזאַמען. נאָר מען האָט אונדז ניט אויסגעזאָגט די רעזולטאַטן פֿון די עקזאַמענס און אין אַווגוסט זיינען מיר געגאַנגען אַ דריטן מאָל. יאַפֿע איז אויך געקומען פֿון וואַרשע האַלטן עקזאַמען אין אַקאַדעמיע און אַזוי ווי ער האָט שוואַך געצייכנט, האָב איך אים צוגעלערנט. צוזאַמען פֿלעגן מיר גיין אין מוזיי אַרבעטן. די עקזאמענס האבן מיר ביידע אויסגעהאַלטן, נאָר מען האָט ניט אויסגעזאָגט, און איך האָב פֿאַרלאָרן 3 כאַדאָשים. אונדזער פֿרייד איז געווען איינלעשאַיער, איך קאָן שוין דורכגיין פֿאַרביי דעם „דוואָרניק" און ניט אַראָפּנעמען פֿאַר אים דאָס היטל. איר וועט פֿרעגן: וואָס בין איך אַזוי אויפֿגעבראַכט אַף דעם „דוואָרניק"? דאַרף איך זאָגן, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין וואָינרעכט אין פּעטערבורג און דערצו דערציילן אייך אַ געשיכטע פֿון „פּראַוואָזשיטעלסטווע" פֿון יענע צייטן, ווען אין פּעטערבורג האָט געהערשט דער גובערנאַטער גרעססער.

די צווייטע נאַכט פֿון מיין קומען קיין פּעטערבורג, ווי נאָר איך בין איינגעשלאָפֿן, האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ געזונטן טאַפּ פֿאַר דער פּלייצע מיט די ווערטער: „ווסטאַוואַי, פּאַספּאָרט יעסט?" (שטיי אויף, אַ פּאַספּאָרט האָסטו?) אַז איך האָב זיך אַ קער געטאָן צום וועקער, האָב איך פֿאַר מיינע אויגן דערזען אַ גרויסן פּויער מיט אַ פֿאַרשמאָלצענע לאַמטערנע אין האַנט, דאָס איז געווען דער עלטערער דוואָרניק. נעבן אים שטייט אַ פּאָליציימאַן און פֿון הינטן—דער ווירט פֿון קוואַרטיר (דאָס איז געווען אַ ווייגערמאַכער, באַ וועמען איך און נאָך איינער האָבן געדונגען אַ צימער), ער איז געשטאַנען בלייך. ווי אַ טוך און געציטערט ווי אַ בלאַט, ער קען דאָך אויך האָבן אַ כיילעק. איך האָב זיך גלייך אַוועקגעזעצט מיט גרויס דערעכערעץ און גענומען אַרויסקראַצן מיינע פּאַפּירן, וועלכע זיינען באַשטאַנען מער ניט ווי פֿון אַ פּאַס. מיין שאָכן האָט באַוויזן זיינע זאָכיעס און מען האָט זיי אָנגענומען פֿאַר גוט. אָבער מיינע זיינען עפּעס ני בע, ני מע. איך האָב זיך צוטומלט פֿאַר גרויס שרעק און גענומען ווייזן עפּעס צייכענונגען, עסקיזן, וועלכע דער דוואָרניק באַקוקט און שטייט דאָך באַ זייניקע: „גדע טוואָי פּאַספּאָרט נאַ פּראַוואָזשיטעלסטוואָ? (ווו איז דיין פּאַספּאָרט אַף וואָינרעכט?) אַז ער האָט דערזען, אַז איך פֿויל זיך צו זוכן, האָט ער אַ זאָג געטאַן: „ווסטאַוואַי, אי פּאַדיאָם וו'אוטשאַסטאָק" (שטיי אויף און נאָמיר גיין אין צירקל) איך האָב זיך שוין גענומען אויספּוצן און די געסט זיינען דערווייל אַריין אין צימער פֿון דער באַלעבאָסטע. גייט צו מיר צו דער באַלעבאָס און נעמט באַ מיר גיך אַ פֿינפֿערל און זאָגט: „איר קאָנט בלייבן אינדערהיים". באַ דער באַלעבאָסטע אין צימער האָבן די געסט דערזען, ווי איינער אַ טרייף-פּאָסעלער האט זיך פֿון שרעק באַהאלטן באַ דער באַלעבאָסטע אין בעט. אָבער ווי? ער האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ אונטערן צוקאָפּן און זיין גאַנצער קערפּער איז געבליבן שטעקן אַף דער זייט בעט. פֿאַר זיין „אומאַראַלע אויפֿפֿירונג" האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט און געלאָזט פֿירן אין צירקל. נאָר דער פּידיען האָט אים אויך אויסגעלייזט, און מיר אַלע זיינען די נאַכט געבליבן נעכטיקן אַף אונדזערע געלעגערס.

מאָרגן גאַנץ פֿרי איז צו מיר אַריין דער דוואָרניק, האָט מיר דערלאַנגט זיין לאַפּע און האָט זיך צוגעזעצט ווי באַ זיך אינדערהיים. איך האָב זיך דאַן געפֿילט אַף די העכסטע קלעפּ. דערמאָנט זיך נאָר: דער נעכטיקער רעצייעך איז באַ מיר באַם טיש, ווי, לעהאַוודל, א צוגעוויינטער קלעוו. נאָך אַלע האַקדאָמעס וועגן דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און די שרעק, וואָס ער טראָגט אַף זיך איבער דעם, וואָס איך וועל זיין אונטער זיין שוץ, פֿאָדערט ער איך זאָל אים צאָלן אַלע מאָנאַט אַ קערבל. איך האָב אים גלייך דערלאַנגט דעם ערשטן „וזנאָס" (אָפּצאָל) און ער האָט מיר דערלאַנגט זיין גרויסע לאַפּע, ד. ה. דער איניען איז ניגמער געוואָרן בעשאָלעם. אַז איך פֿלעג אים טרעפֿן דורכגייענדיק דעם הויף, האָב איך דער ערשטער פֿאַר אים אַראָפּגענומען די היטל. מען דאַרף ניט זיין קיין פּאַרך און אָפּגעבן קאָוועד דעם, וועלכער האָט עס פֿאַרדינט. ווען איך האָב געפֿילט, אַז ער איז ניט אין גרימצאָרן, פֿלעג איך אים פֿרעגן וואָס ער מאַכט אין געזונט, האַגאָם ער איז געווען געזונט ווי צען כאַזיירים, און פֿון אים איינעם האָט מען געקענט אויסשניצקן צען אַזוינע ווי איך. אַזוי בין איך געוואָרן קאָשער און געקראָגן כיין באַ „נאַטשאַלסטווע". אַז יאַפֿע איז געקומען צופֿאָרן, איז ער פֿאַרפֿאָרן גלייך צו מיר און האָט געוואוינט אַף מיינע פּראַוועס גאָר רויק.

די לאַגע האָט זיך אָבער ניט לאַנג געצויגן. אַז מיר האָבן אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס, האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן בילעטן אַף וועלכע מען האָט אונדז צוגעשריבן גאָר ווי קאָשערע מענטשן. אַז איך בין געווען אין צירקל צושרייבן מיין בילעט, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך בין געווען צוגעשריבן נאָך פֿון פֿריער אַף דעם יעסאָד פֿון אַ פּרעטענדענט אַף אָנקומען אין אַקאַדעמיע. דאָס האָט שוין אַיינגעאָרדנט דער נאַדזיראַטעל, וועלכער איז געווען דאַן מיטן באַזוך, נאָר דער דוואָרניק האָט ניט אויסגעזאָגט, קעדיי ער זאָל קענען ליווערן פֿון מיר די קליינגעלט.

מיר האָבן זיך נאָך ניט גערעכנט פֿאַר אַקאַדעמיסטן, ווייל מיר, האָבן אויסגעהאַלטן די עקזאמענס, וועלכע זיינען שייַעך נאָר צו קונסט, אָבער ניט צו אַלגעמיינער בילדונג, און דאָס האָט אונדז

געקענט שטערן אין קריגן אַלע פּריווילעגיעס פון אַ קינסטלער. פאַר אונדז יידן איז עס געווען איבערהויפּט וויכטיק, ווייל אָן דעם האָט מען ניט געקראָגן קיין פּראַוועס. דעם ערשטן יאָר זיינען מיר געווען פרייע צוהערער. אַפן צווייטן יאָר איז אַרויס אַ געזעץ, אַז מען מוז אָפּגעבן עקזאַמענס פאַר 5 קלאַסן מיטל-שול, אַ ניט, וועט מען אַף דעם קומענדיקן יאָר מוזן אָפּגעבן שוין פאַר 8 קלאַסן. וואָס טוט מען? וואָס איז שאַיעך צו קונסט, איז בײַ מיר געווען גוט, אָבער פון „פּרעדמעטן" האָב איך גאָרנישט געקענט. איך האָב זייער ניט ליב געהאַט די רוסישע באַלבאָטשריי, וועלכע וואָלטן נאָר שטערן מיין אַרבעט. אַף דעם האָט גירשאָוויטש מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ערשטנס מוז אַ קינסטלער זיין אַ געבילדעטער מענטש, און צווייטנס, וועט אָן דעם אַ ייד ניט קריגן קיין פּראַוועס און וועט ניט טאָרן וואָינען אין דעם הייליקן רוסלאַנד. בעקיצער, קראַץ זיך אַהין און אַהער—עס איז פאַרפאַלן, אָבער ווי הויבט מען אָן?

איך בין אַדהאַיעם דאַנקבאַר די סטודענטן יאַסנאָפּאָלסקי, בערנשטיין, גינזבורג, בערמאַן, וואיטינסקי און די איבעריקע, וועמענס נעמען איך האָב שוין פאַרגעסן. מיר זיינען געווען אַ מאַן צען, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט צוגרייטן, און די דערמאָנטע סטודענטן האָבן זיך עס פאַר דעם גענומען. אַף די עקזאַמענס האָט מען בײַ יעדערן פון אונדז געפרעגט וואָס מיר קענען און וואָס מיר האבן געלייענט פון ליטעראַטור. איך האָב אַ זאָג געטאָן מיט גרויס שטאָלץ, אַז איך האָב געלייענט „פּרעקראַסנאַיאַ יעלענאַ" און „טאַיני גאָראָדאַ מאַדרידאַ" אין פיר טיילן. די לעצטע ווערטער האָב איך אונטערגעשטראכן: פאַרגעסט ניט פיר טיילן! אַלע האָבן זיך צולאַכט. נאָר דער עקזאַמענאַטער האָט מער ניט ווי אַ שמייכל געטאָן און האָט געזאָגט „וויניקלעך". איך בין געוואָרן זייער פאַרשעמט פון זיין אָפּשאַצן מיינע קענטעניש̇ן אין ליטעראַטור. איך האָב זיך געקלערט: „וואַרט, וואַרט, איך וועל נאָך באַווייזן. דערפאַר קאָן איך דאָך לערנען און זיי זיינען דאָך פויערים און קענען קיין מויצע ניט מאַכן אַף אַ ריב".

מיר האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן צו לערנען. מיר איז געווען זייער באַקוועם צוזאַמען מיט יאַפּען, ווייל ער האָט געלערנט אינדערהיים נאָך פריער. ער האָט פון מיר גוט געקרענקט, איידער ער האָט מיר אַריינגעדאָלבעט אין קאָפּ די אַלע לימודים, וועלכע מיר האָבן געמוזט צוגרייטן פאַר די קורסן אונדזערע. דער סאָף איז געווען, אַז פון די אַלע צען האָבן אויסגעהאַלטן נאָר צוויי, יאַפּע און איך. מיט גרויסע צאָרעס—דאָך אָבער אויסגעהאַלטן, און ביידע זיינען מיר געוואָרן עמעסע אַקאַדעמיסטן. (אַזוי האָבן זיך גערופן די סטודענטן פון אַקאַדעמיע). מיר האָבן באַקומען פאָרמענע בילעטן מיט אַלע קליפּערלעך. מיר האָבן זיך ביידע געקויפט פאָרמענע היטלען מיט אַ בלויען סאַמעטענעם פאַס, מיט גאָלדענע קנעפּלעך. ווער איז צו אונדז געווען גלייך? און בין דערצו נאָך אַריבער אַף אַ קורס העכער אין מאָלן.

אַף קאַניקול זיינען מיר געפאָרן אַ היים, ער קיין דווינסק און איך דורך דווינסק אין מיין שטעטל. כ'האָב געפונען פאַר נויטיק אַריינצוגיין צו מיין „געוועזענער". אַז זי האָט מיך דערזען, אין דער פאָרמענער היטל, האָט זי אַזש אויסגעשריען. אָנשטאָט אַ באַלמעלאָכע, ווי זיי האָבן מיך פריער גערופן, וועלכן מען האָט נאָר געדאַרפט זאָגן: „קום אַהער"—איז ער שוין געלאָפן אַף אַלע פיר—שטייט פאַר איר אַ סטודענט מיט אַ סאַמעטענעם פאַס און גאָלדענע קנעפּלעך, כאָטש אַפילע אַן אויסגעדאַרטער און אַן אויסגעבלייכטער. זי האָט געמוזט דאַן איבערלעבן זייער פיל. זי האָט מיר דערציילט, אַז נאָך מיין אַוועקגיין, איז זי גלייך קראַנק געוואָרן אַף אַ נערוון-קראַנקהייט און מען האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט. איך האָב געהאַט פאַרדראָס און גלייכצייטיק האָט מיר געקיצלט מיין אייגנליבע, וואָס אַזאַ שטאָלצע פריילן, אין וועלכער איך בין געווען פאַרליבט און זי האָט מיך אַזוי ניט געשעצט—איז געווען אַ פאַרבאַיקע צוליב מיר.

קיין דווינסק איז אַראָפּגעפאָרן מיך באַגעגענען מיין ברודער לאַזאַר, וועלכער, דערזעענדיק מיך, האָט געצווונגען מיך גיין גלייך צו אַ דאָקטער. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז בײַ מיר זיינען די לונגען אַ ביסל אָנגעגריפן, נאָר איך וועל זיך אויסבעסערן, אויב איך וועל זיך גוט שפּייזן דעם זומער און וועל גאָרנישט טאָן.

איך האָב דעם זומער גאָרנישט געטאָן אין קונסט. צו מיר איז אַראָפּגעפאָרן צו גאַסט יאַפּע פון דווינסק און צוזאַמען האָבן מיר נאָר אַרומגעשפּאַצירט אין די היטלעך מיט די גאָלדענע קנעפּלעך און סאַמעטענע פאַסן. אין שטעטל האָט מען שוין געמיינט, אַז איך בין שוין דער צווייטער ראַפאַעל, אויב נישט נאָך העכער.

אַזוי זיינען אַריבער די ערשטע קאַניקולן. מיינע ברידער האָבן באַשטעלט פאַר מיר קליידער, וועלכע מיר האָט אויסגעפעלט, עסנוואַרג וואָס קאָן שטיין אַ לענגערע צייט, געגעבן אויך אַ ביסל געלט אַף דער ערשטער צייט און אויסגעריכט קיין דווינסק.

מ. מיאָדאָווניק.

# מיינע טעאַטער-זיכרוינעס.

פאַרשריבן פון ל. דושמאַן.

## פערטער קאַפּיטל.

### פּישזאָן אַף דער בינע. — אַף דער רייזע. — פּישזאָנס „קאָנטראַקטן" און „קעסט". — איך אנטלויף פון פּישזאָנען, מען ברענגט מיך צוריק מיטן עטאַפּ. — אַקטיאָרן בונטעווען זיך. — פּישזאָנס מישפּאָכע.

באַ פּישזאָנען איז דער רעזשיסאָר פון אַלע פּיעסן געווען פּישזאָן אַליין ביז עס איז אָנגעקומען מישע, האָט ער אים איבערגעגעבן די רעזשי.

ספּיוואַקאָווסקי האָט זיך קיינמאָל אין רעזשי ניט געמישט, אים האָט מען געמוזט אַלץ דערלאַנגען, אנטאָן אים, און ער פלעגט זיך זיצן באַ אַ גלעזל טיי ביז דער סצענאַריוס פלעגט אים אָנזאָגן: ה' ספּיוואַקאָווסקי, אייער אויפטריט! פּישזאָן האָט שוין געקאָכט אין די קוליסן, אומעטום איז ער געווען, אַפילע לאָזן דעם פאָרהאַנג האָט ער זיך אויך ניט פאַרלאָזט אַפן סופליאָר. אַז עס איז אָבער אויסגעקומען, אַז ער האָט געשפּילט, און דער פאָרהאַנג דאַרף פאַלן ווען ער איז אַף דער בינע, פלעגט ער אַ געשריי טאָן הויך „זאַנאַוועס".

ווייזן אַקטיאָרן ווי צו שפּילן—האָט ער ניט געהאַט וואָס, ווייל יעדער אַקטיאָר האָט נאָכגעשפּילט אַן אַנדערן, וועמען ער האָט געזען שפּילן. די גאַנצע רעזשי איז באַשטאַנען אין דעם אויסשטעלן די בינע. וואָס איז שאַיעך טאַנירן, איז עס געווען באַ יעדן אַקטיאָר אין דער האַנט. ווער עס האָט געקענט מער שרייען, דער איז געווען אַ בעסערער דראַמאַטורג, און ווער עס האָט געקענט מער פאַיאַצעווען—איז געווען אַ גוטער קאָמיק. שפּעטער האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן אַזעלכע, וואָס פלעגן יאָ קענען אָנווייזן, דאָס איז געווען מייערסאָן, טיטלמאַן, אַווראָם-יִיצכאָק קאַמינסקי, שראַווונער א. א.

ביז 1900 האָט מען פון קיין רעזשי איגאַנצן ניט געוווּסט. דערנאָך זיינען שוין צוגעקומען די רעזשיסאָרן.

פּישזאָנס באַליבטע ראָלן זיינען געווען „די באָבע-יאַכנע", „קוני-לעמל", (דעם 2-טן קוני-לעמל האָט ער האַלב פּראָזע אַרויסגעשטראָכן, ווייל מיט וועמען ער האָט ניט געשפּילט, האָט ער מוירע געהאַט, אַז יענער זאָל זיך ניט אַרויסווייזן פאַר אַ בעסערן). „כאַצקל אַף באַלטשעווע", „שפּרינצע די מעקלערקע" (ער האָט געשפּילט שפּרינצען, די פּיעסע הייסט די „קאָקעטנראַמע"), אַף „דוואָשע די ספּלעטניצע" האָט ער געשפּילט דוואָשע א. א. וו.

צו יעדער ראָל האָט ער זיך צוגעזעצט זיינס אַן אייגן לידל, לידלעך האָט ער געקענט אַליין פאַרפאַסן, ווייל, ווי געזאָגט, איז ער אַמאָל געווען אַ באַרכן. אַז ער פלעגט זינגען זיין לידל, פלעגן דעם רעפריין זינגען דער כאָר און די לאָזשעס. דאָס איז געווען דער גרעסטער עפעקט באַ אים.

אַז ער פלעגט קומען אין אַ שטאָט, האָט ער געהאַט אַ קלישע — זיין פאָטאָגראַפיע און אויפגעשריבן „די יידישע טרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דעם ערשטן פּיאָנער אַווראָם פּישזאָן". דאָס האָט ער געהאַט אין 2 שפּראַכן, רוסיש און יידיש, און אַף יעדער אַפיש פלעגט עס זיין געדרוקט. אין ווילנער גובערניע פלעגט זיין געדרוקט אָפטער אַף יידיש, ווייל דאָרט איז ער געווען אויסגעקאָכט מיט דער גאַנצער פּאָליציי.

זייער אָפט פלעגט ער זיך וויצלען אַף דער בינע מיט זיינע שטיקלעך. פלעגט ער גיין מיט אַ שטעקן — פלעגט ער איינעם אָנטרעטן אַפן פוס; פלעגט יענער דאַרפן איינשלאָפן לויט דער פּיעסע — פלעגט ער אים אויפוועקן מיט אַ „פאָנפע". כאָטש אַמאָל האָט עס פאַרדראָסן דעם אַקטיאָר, אָבער ווער קען פּישזאָנען זאָגן אַ דייע? אַלע האָבן געהאַט דרעכערעך פאַר אים, אַ קליינינקייט אַווראָם פּישזאָן! און אַזוי האָט יעדער פאַרליטן, וואָס ער האָט געטאָן.

פּיעסן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין טאַטן (קיין אויטאָרס), האָט ער פאַרשריבן אַף זיין נאָמען און פלעגט נעמען אַוטאָר-געלט פאַר זיי (ווען מען האָט שוין געצאָלט אַווטאָר-געלט).

אין דער צייט, ווען איך בין געווען האָב איך אים אפגעשריבן אַ פּאָר דייטשישע עקזעמפּליאַרן פון פּיעסן און געמוזט אנשרייבן — Сочинение Фишзона, אויסער די פּיעסן וואָס מע האָט געוווּסט אין דער צענזור, אַז זיי זיינען גאָלדפאַדנס. דאָ האָב איך געמוזט שרייבן, Соч. Голдфадена. Переделано для немецкой сцены, А Фишзоном.

טאָמער איז געקומען איין פּיעסע צוריק פון צענזאָר ניט צענזורירט, האָט ער פאַר איר ניט געצאָלט, כאָטש די צאָלונג פון אַ פּיעסע איז געווען 35 קאָפּ.

אווטאָרגעלט פלעגט מען צאָלן צו 55 קאָפּ. פון אַן אַקט.

אָנגעהויבן האָט מען עס צאָלן פון 1905-טן יאָר.

ווען מען האָט נאָך ניט געצאָלט אווטאָר-געלט, פלעגט ער נעמען 5 רובל אַ נאַכט פאַר ביבליאָטעק (פאַר פּיעסן, נאָטן און קאָסטיומען), און ווען מען האָט שוין יאָ געצאָלט, פלעגט ער נעמען כוץ די 5 רובל אַווטאָר-געלט. אין די רייזעס פון איין שטאָט אין דער אַנדערער האָבן מיר, די קלענערע אַרטיסטן, געמוזט זיין אַלץ: די פּאַקנטרעגערס, אַכטונג געבן אַף יעדן פּעקל, עס זאָל כאָליליע ניט פאַרפאַלן ווערן.

ווי געוויינטלעך, וועמעס זאַכן האָט מען געדאַרפט היטן? פּישזאָנס, בראַגינסקעס, ספּיוואַקאָווסקעס און זאַסלאַווסקעס (זאַסלאַווסקאַיאַ), ווייטער זיינען מיר געווען אַלע גלייך. ניט געווען קיין קליין און גרויס, כוץ דער דירעקציע. אַ געשעפּטפירער איז געווען גאָרפינקל. אַ שיקער וואָס עס איז ניטאָ אין דער וועלט. פאַרזאָרגט מיט דירעס האָט מען קיינעם ניט, נאָר די 4. מיר פלעגן זיך וואַלגערן אַפן וואָקזאַל, ביז וואָגן אייגער פון אונדז איז אַוועק זוכן פּישזאָנען אין שטאָט און איז געוואָר געוואָרן ווו מען האָט אונדז איינגעטיילט אַף קוואַרטיר. וועמען באַ אַ קאַצעוו, וועמען באַ אַ באָנדער. אַף צו פאָרן אין שטאָט אַריין האָט מען אונדז קיין געלט ניט געגעבן. ער פלעגט געבן דעם מענטשן, וואָס מיר האָבן געשיקט זוכן אים — אַ האַלבן רובל אַף אַלעמען, דאָס פלעגט אויסמאַכן 5 קאָפּיקעס אַף אַ מענטשן און אַמאָל ווייניקער. און אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט די פּעקלעך אין שטאָט אַריין. פאָרנדיק אין וואָגאָן, פלעגט זיך, נאַטירלעך, ספּיוואַקאָווסקי אויסבעטן דאָס בעסטע געלעגער, אויך די פּרימאַדאָנע זאַסלאַווסקאַיאַ און די בראַגינסקאַיאַ. פּישזאָן אַליין פלעגט ניט שלאָפן באַנאַכט. די איבעריקע כעווריע — אָנגעהאָרעוועטע פון שלעפּן די פּעק—פלעגן שטאַרק אנטשלאָפן ווערן, און פּישזאָנס בעסטער פאַרגעניגן איז געווען — יענעם אָפּצוטאָן שפּיצלעך. אַריינדרייען אַ פאָנפע אין נאָז (ד. ה. צונויפדרייען אַ שטיקל פּאַפּיר, איינטונקען אין טאַבאַק און אַריינשטופּן אין נאָז, פון דעם פלעגט מען אָנהויבן שטאַרק ניסן), אָדער עמיצן אַריינשטופּן אין קאָלנער אַ לאַנגע שטיק פּאַפּיר און עס אָנצינדן און יענער זאָל זיך אויפכאַפּן און מיינען, אַז עס ברענט, אָנטאָן קאָלאַצאָרעס. און ווער עס איז מיט אים וואָך געווען און מיטגעהאָלפן, דער האָט באַ אים פאַרדינט אַ קאָפּקעס 30—40 אַ נאַכט, אַף אַזעלכע זאַכן האָט ער ניט געזשאַלעוועט. פון דעם געלט פלעגן אַקטיאָרן מאַכן אַ לעבן. אַז מע פלעגט פאָרן אַ רייזע פון 3—4 נעכט, פלעגן 3—4 מענטשן פאַרדינען צו 30—40 אַ נאַכט וואָס מע פלעגט עס ניט זען באַ אים מיט אַמאָל קיינמאָל.

פּישזאָן האָט אַנדערש קיין אַקטיאָרן ניט גענומען, ביז ער האָט ניט געמאַכט מיט זיי אַ קאָנטראַקט, אַז דער אַקטיאָר האָט קלוימערשט באַקומען באַ אים 50 אָדער 100 רובל „נא כראַנעניע". פון איין אסיגנאַציע פלעגט פּישזאָן אַראָפּנעמען אַ נומער. ווען דער אַקטיאָר פלעגט וועלן פון אים אַוועקגיין, פלעגט ער מוזן אים אומקערן די 50 רובל (וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט באַקומען) לויטן נומער פון דער אסיגנאַציע, וואָס איז געשטאַנען אין קאָנטראַקט. נאָר אַזוי ווי אַן אַקטיאָר האָט געקענט אָפּדינען באַ פּישזאָנען 100 יאָר און ניט האָבן קיין 50 רובל, איז ער געווען באַ אים אַן אייביקער קנעכט. און טאָמער איז דער אַקטיאָר אַנטלאָפן פון אים, פלעגט ער אים ברענגען צוריק מיטן עטאַפּ.

אַז ער פלעגט נעמען אַקטיאָרן, פלעגט ער זיי צוזאָגן קעסט און באַפרייען פון פּרנסה. די קעסט פלעגט ער געבן נאָר אין די „הייזלעך". אַז מיר

פלעגן אָנקומען אין אַ שטאָט, פלעגט ער שוין האָבן זיינע באַנרערס, עטלעכע פרומע גאנאָווים, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאר באלעבאטים, קאצאָווים, מיט איין וואָרט, ער פלעגט צוטיילן די אקטיארן אלעמען אף קעסט. די כאָריסטקעס זיינען בא אים געווען ווי אין א שאנדהייזל. אז א כאריסטקע האָט גדארפט שיך אדער א קלייד, האט זי אָן דער בראגינסקען (פישזאנס ווייב) ניט געטארט קויפן, אלץ האט באזארגט די בראגינסקע. עס פלעגט פארשריבן ווערן אין רעכענונג איבדרייען, ווי עס קאסט, און זיי האבן זיך קיינמאל ניט געקענט אויסקויפן. געווען אסאך כאריסטקעס, וואס האבן געהאנדלט מיט זייער קערפער, איז אלץ געגאנגען דורך פישזאנס האנט. פישזאן אליין האט געדאווענט אלע טאג אין טאלעס און טפילין, פלעגט אָפט גיין אין שול, קריגן די שיינע אליע און מענאדעוו זיין א גרויסן פידיען, און אפטמאל פלעגט ער לאזן שרייבן א סייפערטוירע און מאכן א סיעם. פארוואָס האט ער עס געטאן? קעדיי ער זאל האבן א גוטן בענעפיס. ווארום, אז עס איז געקומען זיינער א בענעפיס, זיינען געגאנגען אין טעאטער אלטע ווייבער אין קופקעס און פרומע יידן. סטייטש, א מענטש, וואס שרייבט א סייפערטוירע! מעג מען דאך גיין צו אים אין טעאטער. פישזאן איז געווען אויסגעקאכט מיט דער גאנצער פאליציי. טאמער האט זיך אן אקטיאר מיט אים אביסל צווערטלט, פלעגט ער זאגן: „פאנימאיעש דריאן מאקאי, 2 ווערטער צום פאליצמייסטער, ווערסטו פארפוילט אין אסטראג“.

מיט מיר איז געווען אַזאַ געשיכטע: איך בין אַנטלאָפן פון אים אַ מאָל פאַר פייסעך אַהיים, ווייל איך האָב שוין ניט געקענט אויסהאַלטן פון דער עקספלואַטאַציע. ער האָט מיר געצאָלט 6 רובל אַ כוידעש מיט קעסט, איך בין געגאַנגען שטענדיק באָרוועס און אָפּגעריסן. איך בין שוין דאַן געווען אַן אַקטיאָר, וואָס האָט פאַרנומען פּראַנטוואָרטלעכע ראָלן. פישזאָן איז אַמאָל געשטאַנען אין ברעסט-ליטאָווסק אין בופעט פון טעאַטער מיט אַ רייכן יאָלד און איך בין אַריינגעגאַנגען קויפן פּאַפּיראָסן. זאָגט דער יאָלד: „דאָס איז דיינער אַן אַקטיאָר און ניט קיין שלעכטער, וואָס גייט ער עפּעס אַזוי אָפּגעריסן“? האָט פישזאָן אָנגעוויזן אַף מיר אַף שטומלאָשן, אַז איך בין אַ שיקער, וואָס איך פאַרדין—פאַרשיקער איך. און אין דערזעלבער צייט גיט ער מיך א פרעג: ווּעסט טרינקען אַ שנאַפּס? זאָג איך, פאַרוואָס ניט? גיסט ער מיר אָן איינעם און נאָך איינעם און ווייזט אָן דעם יאָלד, ווי איינער זאָגט: זעסט דאָך, אַז ער איז אַ שיקער. דער יאָלד האָט מיך באַטראַכט ווי אַ נעבעכל. נאָר אַז ער פלעגט אָפּטער קומען הינטער די קוליסן האָב איך זיך אַמאָל מיט אים צורעט און איך האָב אים דערציילט די צאָרעס, וואָס מיר שטייען דאָ אויס. האָט ער מיר געענטפערט, אַז עס איז נאָך ניט אַזוי שלעכט בא פישזאָנען, נאָר מיסטאמע האָט איר ליב דעם טרונק. איך האָב זיך שטאַרק איינגעאַקשנט אין אים ער זאָל מיר זאָגן פון וואַנען ער נעמט עס. האָט ער מיר געזאָגט. האָב איך אים צוגערופן נאָך עטלעכע אַקטיאָרן און געוויזן אַף זיי, אַז זיי גייען אויך אָפּגעריסן. זאָל זיין אַז איך בין אַ שיקער, אָבער די זיינען דאָך ניט קיין שיקורים. פאַרוואָס זיינען זיי באָרוועס און נאַקעט? האָט ער ערשט אָנגעהויבן פאַרשטיין די גאַנצע מאַיסע, וואָס דאָ טוט זיך. און טאַקע בא דעם יאָלד האָב איך געקראָגן עטלעכע רובל אַף צו פאָרן אַהיים. אַז איך בין געקומען אַהיים, בין איך אָפּגעווען די ערשטע סיידער-נאַכט און דעם ערשטן טאָג יאָנטעוו, און פאַרן צווייטן סיידער האָט מען-מיך ארעסטירט. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די שאַנדע, וואָס מיינע עלטערן האָבן איבערגעלעבט. זיי האבן געמיינט, ווער ווייסט וואס פאר א שרעקלעכן פאַרברעכן איך בין באַגאַנגען. איך אליין האָב אויך ניט געוווסט פאַרוואָס מען האט מיך ארעסטירט. איך בין אָפּגעזעסן עטלעכע טעג אין ארעסט, ביז עס איז אוועק דער עטאַפּ, און מע האט מיך אפגעשיקט קיין ברעסט-ליטאָווסק.

געקומען אין ברעסט-ליטאָווסק האָט מיך פישזאָן ארויסגענומען. אז ער איז געקומען אין אוטשאַסטאַק, איידער ער האָט מיך ארויסגענומען, האָט ער מיר געזאָגט: אויב איך וועל מער ניט מאַכן אזעלכע שטיק ווי אנטלויפן, וועט ער מיך ארויסנעמען, אז ניט—וועסטו זיצן, פאַנימאַיעש, דריאַן טאַקאַי! האסט צו טאָן מיט אווראָם פישזאן! איך האב אים צוגעזאגט, אז איך וועל שוין מער ניט אנטלויפן, און איך האב ווייטער געטראָגן דעם שווערן יאָך אף מיר אזוי ווי אלע כאַוויירים.

איידער פישזאנס טרופע איז געפאָרן קיין קיעוו, האבן מיר זיך, עטלעכע אַקטיאָרן, צונויפגערעט איינמאל פאַר אַלע מאל פאָטער צו ווערן פון דער עקספלואטאציע, מיר זיינען אוועק צום פאָליצמייסטער מיט אַ פּראָשעניע, ווו עס איז געווען באַשריבן די מאַיסע מיט פישזאָנס קאָנטראַקטן מיט „כראָנעניע“, ווי ער גיט אונדז קעסט און ווי ער באַהאַנדלט אונדז, אלץ איז געווען גענוי אויסגעשריבן. דער פאָליצמייסטער האָט געשיקט נאָך פישזאָנען און האָט אים באַפוילן מיט גוטן אונדז צו געבן צעטלען, אַז מיר זיינען פולשטענדיק באַפרייט, ווען ניט, וועט ער קענען אים פאַרפירן אַ פּראָצעס. האגאָם מיר האָבן ניט געהאט קיין באַווייזן, ווייל די קאָנטראַקטן זיינען געלעגן בא פישזאָנען. פישזאָנען איז די מאַיסע ניט אָנגעשטאַנען און ער האָט געזאָגט צום פאָליצמייסטער: איך האַלט זיי דען? פאַרקערט, איך וועל זיי געבן מיט וואָס אוועקצופאָרן. מיר האָבן דאך אבער געוווסט, אַז ווי מיר גייען ארויס אפן גאַס, איז א נעכטיקער טאָג, וועט ער אפילע קיין קאָפּיקע ניט געבן. האָבן מיר געבעטן, אַז דאָס, וואָס ער זאָגט צו, זאָל ער אין געגנוואַרט פון פאָליצמייסטער ארויסגעבן א צעטל. דער פאָליצמייסטער האָט אָנגעשריבן אַ צעטל און פישזאָן חאָט זיך געכאַסמעט און האָט צוריסן די אַלע קאָנטראַקטן. דער פאָליצמייסטער האָט אים געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט אים ניט געקענט אלס אַ דירעקטאר פון אַ טעאַטער, וואָלט ער אים פאַר אַזאַ זאַך פאַרפירט אַ קרימינעלן פּראָצעס. מער זאָל ער אַזעלכע זאַכן ניט טאָן. אונדז האָט ער ארויסגעלאָזן. די איבעריקע ארטיסטן, וועלכע זיינען בא אים געבליבן, האָט ער אויך די קאָנטראַקטן צוריסן, ווייל ער האָט מוירע געהאָט, אז ער קען זיך ווידער אָנרייסן. נאָר ער האָט געפונען אַן אַנדער מיטל. יעדער אקטיאָר, וואָס ווִיל זיין בא אים אין טרופע, דאַרף אים ארויסגעבן אַ וועקסל אַף 50 רובל. טאָמער בלייבט ער שולדיק און יענער וויל אַוועקפאָרן, זאָל ער אַלע מאָל קענען אופמאָנען בא אים דאָס געלט (וועלכע ער האָט אים קיינמאָל ניט געגעבן). באַם נעמען דעם וועקסל פלעגט ער געבן דעם אַקטיאָר עטלעכע רובל און מאָנען 50. נאָר יעדנפאַלס איז שוין געווען לייכטער, ווייל פאר קיין עטאַפּ מיט קיין אַרעסטן האָבן שוין אַקטיאָרן ניט מוירע געהאַט. די טרופּע איז בא אים שפּעטער געוואָרן אַן אייגענע, פון איין מישפּאָכע. ער האָט געהאַט 4 אראַפּטירטע קינדער, 2 יינגלעך און 2 מיידלעך. די 4 קינדער זיינען געווען דער בראגינסקעס אַ שוועסטערס, וועלכע איז געשטאָרבן און די בראַגינסקע האָט זיי צוגענומען און אויסגעהאָדעוועט. מישע פישזאָן איז געווען אַ פאַבריקמאַכער. מאַקס פישזאָן האָט זיך געלערנט, מאַניע איז פון קינדהייט אָן געווען אף דער בינע און פלעגט שפילן קינדער-ראָלן. דערנאָך האָט זי כאַסענע געהאַט מיט אַן אַרטיסט ארקאָ, און די 2 טע מיידל האָט אויך כאַסענע געהאַט פאר אַן ארטיסט. דערנאָך האָט ער צוגענומען מישען פון פאַבריקמאַכעריי (ער האָט געארבעט אין לאָדז) און אים אויך געמאַכט פאַר אַן אַרטיסט.

נאָך איינער איז געווען אַן אייגענער קושטשינסקי מיט א ווייב. אַזוי האָט ער באַקומען אַן אייגענע טרופּע און האָט ניט מוירע געהאַט פאר פרעמדע אַקטיאָרן. אויב עס איז יאָ צוגעקומען א פרעמדער ארטיסט, האָט ער געמענט זיין דער בעסטער, האָט ער קיין וויכטיקן פלאַץ ניט פארנומען, ווייל מע האָט אים ניט צוגעלאָזט.

איך האָב געדינט בא פישזאָנען צוויי מיט א האַלבן יאָר.

ווען פישזאָן איז געקומען דאָס 2-טע מאָל אין קיעוו אין די יאָרן 1907-1908, ווען גירס איז געווען גובערנאַטאָר, האָט ער מיט זיין טרופּע אָפּגעשפּילט א שטיקל צייט, נאָכדעם האָט אים דער גובערנאַטאָר צוגעשיקט א צעטל, ער זאָל זיך אונטערשרייבן, אז די פארשטעלונגען וועלן גיין אף דייטש. פישזאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן, און האָט צומאָרגנס געגעבן א נאָטיץ אין „קיעווסקאַיאַ מיסל“, אז „ער ווישט אָפּ זיינע שיך פון קיעווער שטויב און פאָרט אוועק, ווייל ער וויל אף דייטש ניט שפּילן“.

## פינפטער קאַפּיטל.

### מישעראַט.—דאַשקעוויטש.—איידלמאַן.—רוּוון, שימען, לייווי.—בערדיטשעוו מיט זיינע בילעטיאָרן.—זאַסלאַווסקי.—סעם אַדלער.—דער אלטער אָסקאַר.

אז איך בין אוועק פון פישזאָנען, בין איך געפאָרן קיין ווארשע. דאָרט האָט א דירעקטער געזוכט אקטיאָרן. געהייסן האָט ער מישעראַט. ער האָט געהאַט א מאַנאָפּאָליע-דערלויבעניש אף קיעווער גובערניע צו שפּילן יידיש-דייטש טעאַטער. די דערלויבעניש האָט ניט ער געהאַט, נאָר דאָוויד עדלמאַנס א טאָכטער, געהייסן האָט זי דאַשקעוויטש, ווייל זי האָט געוואָינט מיט א גראַף דאַשקעוויטש און ער האָט אויסגעאַרבעט פאַר איר די דערלויבעניש צו שפּילן אין קיעווער גובערניע.

מישעראַט האָט געהאַט אַ פּראָווינץ-טרופּעלע, מיט וועלכער ער איז אַרומגעפאָרן, און אַז ער פלעגט קומען אין אַ קרייז-שטאָט, האָט ער געמוזט פאָרן קיין קיעוו צו דער דאַשקעוויטש נאָך אַ קאָפּיע פון איר דערלויבעניש. און אַזוי ווי פּישזאָן האָט איר ניט געגעבן די געהעריקע קאָנדיציעס, וואָס זי האָט געוואָלט, האָט זי זיך צונויפגערעדט מיט מישעראַטן, אַז זיי וועלן מאַכן אַ טרופּע. זיי וועלן פאָרן קיין ווארשע נאָך אַרטיסטן. און אַזוי איז מישעראַט געקומען קיין ווארשע נאָך אַקטיאָרן און האָט צונויפגעשטעלט אַ טרופּע.

די ערשטע שטאָט איז געווען בערדיטשעוו. מע האָט אַרויסגעלאָזט אַ גרויסע רעקלאַמע מיט קלישעען, וואָס עס איז געווען אַ נייס דעמאָלט דאָרטן. אין טרופּע איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט דעם אַלטן עדלמאַן, וועלכער איז דאָרטן געווען רעזשיסאָר. ער האָט מיך ניט געקענט, איך האָב אים אָבער געדענקט פון אַמאָל.

דער אַלטער עדלמאַן האָט געטראָגן אַ באָרד. ער האָט געשפּילט „יאָווידס פּידעלע", האָט ער זיך פון איין אַקט ביזן אַנדערן ניט איבערגרימירט, נאָר די באָרד, ווען יינגער איז זי געווען שוואַרץ, און ווען עלטער, פלעגט ער זי אָנפּודערן. געווינטלעך האָט ער מיט דער רעזשי ניט געהאַט וואָס צו טאָן, ווייל קיין איין פּיעסע האָט ער ניט געקענט שטעלן. און אַזוי ווי די אַקטיאָרן אין טרופּע זיינען געווען געוויינט פון ווארשע צו שפּילן אַפן געהעריקן אויפן, האָבן מיר אויסגעטיילט פון זיך יעדן טאָג אַן אַנדערן, ער זאָל שטעלן די פּיעסע. נאָר אַף דער אַפיש איז געווען „אונטער דער הויפּט-רעזשי פון אַן אָרעסער אַרטיסט פון גאָלדפאַדנס מאַרינסקיס טעאַטער ד. עדלמאַן".

מיר האָבן דאָס ניט געקענט איבערמאַכן, ווייל די דערלויבעניש האָט געשטעקט אין זייער האַנט. און טאָמער האָבן מיר עפּעס גערעדט, האָט מען אונדז באַלד געסטראַשעט: „מען שפּילט קיין טעאַטער". און אַזוי ווי בערדיטשעוו איז געווען ניט קיין שלעכטע שטאָט, מע האָט פאַרדינט, האָט זיך ניט געוואָלט פאַרפירן קיין אייסעק. קיין מוירע האָבן מיר ניט געהאַט, ווייל צווישן אונדז זיינען געווען רוון, שימען, לייווי (דאָס זיינען געווען גוסטאַוו שוואַרצבאָרד, שטראַספּויגל און אַראָלף בערמאַן).

פאַרוואָס האָט מען זיי אַזוי גערופן? ווייל זיי זיינען געווען שטאַרקע, זיי פלעגן זיך ניט לאָזן פון קיין דירעקטער עקספּלואַטירן, זיי פלעגן קענען געבן אין באַק אויך. דערפאַר האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן רוון, שימען, לייווי.

אין טעאַטער איז געווען אַ באַנדע בילעטיאָרן. געגאַנוועט האָבן זיי פון אַלע זייטן. אַ בילעטיאָר האָט זיך געלעבט זייער שיין און האָט גענומען נאָר 50 קאָפּ. אַ נאַכט. מישעראַט איז אָבער געווען אין דער כאַווריסטע פון די בילעטיאָרן אַ שוטעף, ער פלעגט זיי אַרויסגעבן אַ 50—60 קאָנטראַמאַרקעס אַ נאַכט און זיי פלעגן עס פאַרקויפן און דאָס געלט צווישן זיך צוטיילן. פון וואַנען פלעגט מען זיך דערוויסן, אַז זיי גאַנווענען? איינמאָל אַ פרייטיק באַנאַכט, האָט מען דערזען, אַז דער טעאַטער איז פול און די איינאַמע קליין, האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצולייגן די פאָרשטעלונג. זיינען אַריין די בילעטיאָרן און האָבן פאַרגעלייגט, אַז זיי וועלן צולייגן דאָס, וואָס מען דאַרף אַף די אויסגאַבן פונם אָוונט און מען זאָל שפּילן—דאָ האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ. און מיר האָבן די פאָרשטעלונג אָפּגעלייגט. שטראַספּויגל וועלכער האָט געוואוינט באַם הויפּט-בילעטיאָר, האָט אינדערפרי דערציילט, אַז דאָרט איז געווען אַ טומל. מע איז געקומען אָפּנעמען געלט פאַר בילעטן, נאָר גענוי האָט ער ניט געהערט, ווייל די טירן זיינען געווען פאַרמאַכט. די אַקטיאָרן, וואָס זיינען שוין פון לאַנג געווען באַ מישעראַטן, האָבן זיך ניט אינטערעסירט מיט דעם, ווייל זיי זיינען שוין געווען געוויינט צו דעם, נאָר רוון, שימען, לייווי און איך, האָבן עס ניט געקענט פאַרטראָגן. עס האָט געקאָכט באַ אונדז ווי אין אַ קעסל. באַ מישעראַטן האָט זיך געפירט אַזוי: די קאַסע פלעגט ער אַלע נאַכט צונעמען. אַלע מאָנטיק פלעגט מען מאַכן די כעשבוינעס, און אַלע וואָך פלעגן מיר נאָך שולדיק בלייבן, ווייל קיין ריינעם כעשבן האָבן מיר קיינמאָל ניט געזען. די בילעטן צו קאָנטראָלירן האָט מען אונדז אויך ניט געגעבן. מיר איז אויסגעקומען צו ריידן מיט איינעם פון זיינע אַרטיסטן, האָט ער מיר דערציילט, אַז אין אַלע שטעט איז דאָס אייגענע. נאָר וואָס קענען מיר טאָן—האָט ער געטענעט—אָוועקפאָרן אין אַן אַנדער טרופּע האָבן מיר ניט מיט וואָס, און אַגעוו נעמט צו די דאַשקעוויטש די דערלויבעניש, בלייבט מען גאָר אינגאַנצן אָן ברויט—שווייגן מיר. מישעראַט פלעגט נאָך אַרויסגעבן אויסער די אַלגעמיינע קאָנטראַמאַרקעס, קאָנטראַמאַרקעס דעם קאַצעוו פאַר פלייש, דעם בעקער פאַר ברויט. מיט איין וואָרט, פאַר אַלע פּראָדוקטן פון לעבנסגעברויך פלעגט ער געבן קאָנטראַמאַרקעס. עס האָט זיך נאָך אויסגעוויזן זיינע מענטשן אין דער טרופּע, אַז ער איז אַ גוטער דירעקטער, ווייל ער פלעגט געבן דעם אַקטיאָר אַ צענדליק אייער, אַ רעטעך, אַ בולקע. מישעראַט פלעגט אַוועקגיין נאָך דער פאָרשטעלונג מיטן קויש אַפן מאַרק (ווייל זומער פלעגט מען ענדיקן די פאָרשטעלונג פאַרטאָג) און פון דאָרטן פלעגט ער גיין פון אַקטיאָר צו אַקטיאָר און אַריינטראָגן יעדן עפּעס. און מיט דעם האָט ער זיך פאַרשאַפט צווישן די קליינע אַרטיסטן אַ זייער גוטן נאָמען.

מיר אַקטיאָרן—ווארשעווער (ד. ה. גענומענע פון ווארשע) האָבן געזען, אַז מיר וועלן דאָ ניט גוט אָפּשניידן, זיינען מיר אַוועק צום פּאָליצמייסטער און אים געבעטן, אַז העיויס ווי מע האָט אונדז גענומען פון ווארשע, זאָל מען אונדז געבן 2 פאָרשטעלונגען, מיר זאָלן האָבן מיט וואָס אַוועקצופאָרן, דערביי האָבן מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט די בילעטיאָרן און מיט די קאָנטראַמאַרקעס.

דער פּאָליצמייסטער האָט געשיקט נאָך מישעראַטן, נאָר מישעראַט איז ניט געקומען, נאָר געשיקט די דאַשקעוויטש. זי איז געקומען אויסגעפּוצט ווי אַ דאַמע. דער פּאָליצמייסטער האָט פאַנאַנדערגעפרעגט, וואָס איז דאָס פאַר אַ טומל צווישן די אַרטיסטן. האָט זי געענטפערט, אַז אויב זיי ווילן ניט פאַרבלייבן, קען מען קיין מענטשן ניט צווינגען. זאָלן זיי נאָר אָפּאַרבעטן דעם רעפּיציט פון רייזע-קאָסטן און פון די הויצאָעס—1 ר. 50 אַ טאָג אַף לעבנסמיטל, נאָכער קענען זיי פאָרן. דאָ איז שוין אַראָלף בערמאַן אַרויס פון די קיילים. (רוסיש האָט ער געקענט ריידן, ווייל ער האָט געדינט אין סאָלדאַטן) ער האָט דערלאַנגט אַ זעץ אין טיש, און געזאָגט: „אַרעסטיר אונדז, שיק אונדז אָפּ מיטן עטאַפּ, נאָר מיר ווילן דאָ מער ניט זיין"!

דער פּאָליצמייסטער האָט עפּעס גערעדט אין דער שטיל מיט דער דאַשקעוויטש, נאָכער האָט ער געזאָגט, אַז מיר דאַרפן אָפּשפּילן דאָנערשטיק, פרייטיק און שאַבעס, און זונטיק וועלן מיר באַקומען אַף רייזע-געלט צו פאָרן קיין ווארשע. מיר זיינען אַוועק.

שטראַספּויגל איז געקומען אַף זיין וואָינונג, האָט אים זיין באַלעבאָס דער הויפּט-בילעטיאָר אָנגעהויבן סטראַשען, אַז מע וועט שטעכן, האַרגענען און ברעכן ביינער. וואָס הייסט, מע נעמט טאַטעס פון קינדער און מע מאַכט אַף זיי אַ בילבל, אַז זיי גאַנווענען. מיר וועלן אייך ווייזן ווארשעווער פרעסער, מיר וועלן זיך מיט אייך אָפּרעכענען.

אינדערפרי זיינען מיר געקומען אַף רעפּעטיציע, און דאָס גאַנצע בינטל בילעטיאָרן איז אַריין אין טעאַטער און האָט אונדז אָנגעהויבן זידלען, אַז זיי וועלן אונדז אָפּגעבן אין געריכט פאַר פאַלש באַשולדיקן.

אַראָלף בערמאַן האָט געכאַפּט אַ בענקל און איז גלייך געפלויגן אין זאַל אַריין.

שוואַרצבאָרד האָט אויסגעטאָן דעם פּינזשאַק און גענומען שלאָגן מאַקסרעצאַך, און דאָנערשטיק איז שוין קיין פאָרשטעלונג ניט געווען.

שטראַספּויגל האָט זיך באַלד געמוזט אַרויסקלייבן פון דער דירע.

פרייטיק האָבן מיר געשפּילט. און שאַבעס צו דער לעצטער פאָרשטעלונג האָבן מיר אַריינגערופן דעם דעזשורנעם פּריסטאַוו (מיר זיינען שוין אַלע געווען גרימירט) און מיר האָבן אים געמאָלדן, אַז אויב ער וועט ניט זיצן אין קאַסע און אָפּנעמען דאָס געלט פאַר אונדז אַף דער רייזע—שפּילן מיר ניט; די איינאַמע איז אָבער געווען אַ גרויסע, מיסטאָמע האָט מען אַ 100 קאָנטראַמאַרקעס אויך געהאַט פאַרקויפט, האָט מען ניט געוואַרט ביז דער פּריסטאַוו וועט גיין אין קאַסע, און מע האָט אונדז אַריינגעטראָגן דאָס געלט. מיר האָבן אָפּגעשפּילט און זיינען אָפּגעפאָרן קיין ווארשע.

מישעראַט האָט קיין רעקוויזיט פאַר זיך קיינמאָל ניט צוגעגרייט. אַז מען האָט שוין געדאַרפט אָנהייבן, פלעגט ער לויפן פון קאַסע און שרייען: פּאַריקמאַכער: קלעפּ מיר אָן אַ בערדל! און אַזוי ווי ער איז בעגאַנגען, איז ער אַרויף אַף דער בינע. די ראָל האָט ער קיינמאָל ניט געקענט, ווייל ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט לערנען קיין ראָלן. אין דער פּיעסע „ראָראַ" אָדער „מיליאָנער אַלס בעטלער" ווערט דערציילט וועגן סאַן-פראַנציסקאָ. נאָר אַזוי ווי מישעראַטן איז געווען שווער צו געדענקען דעם וואָרט סאַן-פראַנציסקאָ, האָט אים דער סופלער סופלירט: בין איך געפאָרן קיין סאַן-פראַנציסקאָ, און ער פלעגט זאָגן: בין איך געפאָרן קיין קאַטערינאָסלאַוו. דער סופלער שרייט: מישעראַט, סאַן-פראַנציסקאָ, זאָגט ער: פּיסיוק! (כעווריע-מאַן) איך הער ניט! שרייט דער סופלער נאָך העכער: סאַן-פראַנציסקאָ—זאָגט ער—בין איך געפאָרן קיין קיעוו—ביז דער סופלער האָט

ארויסגעשטעקט דעם קאפּ אינגאנצן פֿון דער בודקע און האט אַ געשריי געטאן, אַז דאס גאַנצע טעאטער האט געהערט: מישעראט, זאגט סאַן-פראנציסקא!—דעמאלסט האט ער ערשט ו עזאגט—סאַן-פראנציסקא.

זיין ריידן ו די אַקטיארן אין לעבן און אף דער בינע איז געווען קלעזמער-לאשן. אז עו פלעגט קומען אין דער פרי אף רעפּעטיציע, פֿלעגט ער פרעגן:

נו פיטיוקעס. וואָס ווען מיר לאַבערן היינט? (נו כעווריע, וואָס ווען מיר היינט שפילן).

אַ פּאַליצמייסטער פֿלעגט באַ אים הייסן „קאָלטן האַגאָדל“. די מוזיקאַנטן פֿלעגט ער רופֿן: „באַלעטשניקעס“, די אַקטיאָרן האָבן געהייסן „לאַבעטשניקעס“.

און וועמען ער האָט פֿאַרגעסן צו געבן אָפּן טאָג לעבן און מען פלעגט עס אים דערמאָנען, ווען ער פֿלעגט קומען אַף רעפּעטיציע, האָט ער געזאָגט: „כילע צו צו מיין שבראַמטע, ווער זי דיר שטעקן אַ באַקע באַלאַני“, (גיי צו צו מיין ווייב, וועט זי דיר געבן 2 גילדן). און אַז יענער האט געענטפֿערט, ס'איז אים ווייניק, האָט ער אים געענטפֿערט: וועסט נאָך היינט ניט פּאַטשעכנען (שטאַרבן).

ער האט ליב געהאַט צו פֿאָרן אָפּן באַן מיטן פֿערטן קלאַס. קעריי פֿאָרן לאַנג. זיין בעסטער פֿאַרגעניגן איז געווען, זיצן אַף דער סטאַנציע באַ אַ גרויסן סאַמאָוואַר שיניק טיי מיט אוגערקעס און רעטעך און פֿלעגט מאַכן פֿאַר זיך אַ סודע.

געהאַט האָט ער 2 קינדערלעך, אַווראַמעלע און מאַקס.

אַז מאַקס איז אויפֿגעוואקסן, איז ער געוואָרן אַן אַקטיאָר (אַ פּאָט).

זיין ווייב האָט געהייסן סאָניע. זי איז געווען אַ ברייטע, הויכע ייִדענע. און קיין אַנדערע ראָלן ווי יונגע מיידלעך האָט זי ניט געוואָלט שפּילן. ער האָט אַן איר ניט געקענט אויסקומען איין מינוט. אַז ער האָט געדאַרפֿט גיין אין טעאַטער, האָט ער אָן איר קיין שום זאַך ניט געקענט געפֿינען, אַלץ האָט זי אים געמוזט פֿאַרזאָרגן.

אַליין איז ער געווען אַ פּאַכדן. אַז ער פֿלעגט דאַרפֿן גיין נאָך אַ דערלויבעניש צום איספּראַווניק, פֿלעגט ער פֿריִער אריינקוקן דורכן שליסל-לאָך.

איינמאָל איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַזאַ געשיכטע אין אַ קליין שטעטעלע אין ברעזאָוויקע:

זיין געשעפֿטפֿירער איז געגאַנגען נאָך אַ דערלויבעניש. איז אָבער דאָרט געווען אַ „שאַלע“ אַף דער צענזורקע, ווייל שטענדיק פֿלעגט באַ אונדז זיין אף איין צענזורקע 12 נעמען. לעמאָשל: „שולאַמיס, אָדער כינקע-פּינקע, און די היפּסראָלע באַרקאָכווע, וועט אויספֿירן באָבע-יאַכנע“.

דער איספּראַווניק האָט זיך געכאַפּט און געפֿרעגט, צי דען קען אין אַזאַ דין ביכל זיין אַזויפֿיל פּיִעסן? ברענג מיר אַ ריינע צענזורקע פֿון דער פּיעסע, וואָס דו ווילסט שטעלן.

איז דער געשעפֿטפֿירער אַהיים געקומען און האָט געזאָגט: ס'איז שלעכט. מע דאַרף האָבן אַ ריינע צענזורקע, דער איספּראַווניק איז מיוּוין קאָל אָס. זאָגט מישעראָט: איך וועל אַליין גיין צום קאָלטן האַגאָדל. כ'וועל מיט אים טערען (ריידן) אַ פּאָר ווערטער, וועט ער מיר באַלד אונטערסקריפּען די סקריפּקע (אונטערשרייבן די אַפֿישע).

האָט ער אָנגעטאָן זיין פֿאַרפֿעצטן סורטוק (שטענדיק איז ער געווען פֿאַרשמוצט פֿון עסנווארג), האָט געלאָזט אָנשרייבן אַ ביטע און איז אַוועק צום איספּראַווניק.

געקומען, קוקט ער געוויינלעך אַריין דורכן לאָך פֿון שליסל, (איינער פֿון די אַרטיסטן איז מיט אים מיטגעגאַנגען און יענער האָט עס דערציילט דער טרופּע וואָרט באַ וואָרט). אַז עס איז געקומען זיין ריי אריינצוגיין צום איספּראַווניק, גייט ער אַריין, שטייט און רעט גאָרניט, נאָר האַלט זיין „ביטע“ אין האַנט. דער איספּראַווניק פֿרעגט אים: וואָס שטאָ נוזשנאָ? זאָגט ער: כליעב! זאָגט דער איספּראַווניק: אידיטע נאַ קוכניו. וואָס דאַרט כליעבאַ! זאָגט ער: מניע נוזשנאַ נאַ 30 טשעלאָוויעק כליעבאַ—און שטופּט זיין ביטע דעם איספּראַווניק אין דער האַנט אריין. יענער לייענט עס איבער און זעט מיט וועמען ער האָט צו טאָן, און פֿאַר ראַכמאָנעס האָט ער געזאָגט „ראיטע וואשו אַפֿישו“ און האָט אים אונטערגעשריבן.

אין די שטעטלעך אין בעסאַראַביער גובערניע איז איינגעפֿירט אזוי: די אַפֿישן לייענט דאָס פּובליקום זייער ווייניק, דער רעקוויזיטאָר איז געוויינטלעך דער שאַמעס פֿון מיניען. אַלע אין דערפֿרי גייט ער אָפּן מאַרק און רופֿט אויס: „אין גאָרקיך באַ דעם און דעם קריגט מען אַף מיטאָגן אַרבעס מיט שילגאַלעך“. אויב עס איז מאָנטיק אָדער דאָנערשטיק—שרייט ער: „היינט איז ק־יאָס-האַטוירע—גלייכצייטיק רופֿט ער אויס, אַז אין ייִדישן טעאַטער שפּילט מען „סאָרע-שיינדל“!

באַ מישעראַטן פֿלעגט טרעפֿן אָפֿט, אַז ער פֿלעגט ניט געבן די אַפֿיש פֿון דער פּיעסע, וואָס מע דאַרף שפּילן. ווייל באַ אים זיינען געווען פֿאַרטיקע אַפֿישן פֿון 15—10 פּיעסן, און אַלע פֿלעגן ליגן באַ אים צוזאַמען אין אַ פּאַק אונטערן בעט. אז דער אַפֿישאָר קומט צו גיין, גיט ער אים פֿאַר אַ מאָל אַ פּאַק פֿאַרשיידענע אַפֿישן. האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז עס איז געווען אויסגעקלעפּט אין יעדער גאַס אַן אַנדער אַפֿיש.

דער אַקטיאָר, וואָס איז געגאַנגען צו דער פֿאָרשטעלונג, האָט מיטגענומען זאַכן צו דער פּיעסע, וואָס איז אַפֿישירט געוואָרן אַף זיין גאַס. אַז מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין טעאַטער, איז געוואָרן אַ קריג: וואָס שפּילט מען היינט? איינער האָט געזאָגט: הערצעלע מעיוכעס, דער צווייטער: סאָרע-שיינדל, אַ דריטער:—כינקע-פּינקע, אַ פֿערטער זאָגט גאָר קוני-לעמל. האַקלאַל, איז מען אַוועק פֿרעגן מישעראַטן. זאָגט ער:—פּיטיוק, וואָס רעכנסטו שפּילט מען? זאָגט דער ערשטער—איך ווייס, אַז מען שפּילט הערצעלע-מעיוכעס, און דער צווייטער זאָגט—סאָרע-שיינדל. זאָגט מישעראַט—פּיטיוקעס, נאָך בעסער, וועט זיין מער איינאַמע, און דערנאָך גיט ער צו—דער שאַמעס רופֿט דאָך אויס אין גאַס, מיסטאָמע וועט מען וויסן וואָס מע שפּילט.

איינמאָל איז ער געקומען אין אַ שטעטל מיט אַ טרופּע. באַ דער טיר זיינען געשטאַנען 2 אַקטיאָרן און אָפּגענומען די בילעטן. דעם איספּראַווניקס ווייב האָט געהאַט קענטשאַפֿט מיט ייִדישע פֿרויען, איז זי אויך מיטגעגאַנגען אין ייִדישן טעאַטער. זי קומט צו דער טיר, פֿאָדערט מען באַ איר אַ בילעט. און איידער די פֿרויען, וואָס זיינען געגאַנגען מיט איר, האָבן נאָך באַוויזן זיי צו זאָגן ווער דאָס איז, האָט איינער פֿון די אַקטיאָרן געגעבן אַ שטופּ דעם איספּראַווניקס ווייב און געזאָגט: אָן בילעטן לאָזט מען ניט אריין. זי האָט זיך באַליידיקט און איז אַוועק אַהיים.

די ייִדישע פֿרויען האָבן אָנגעהויבן שרייען צו די אַקטיאָרן: וואָס האָט איר געטאָן? זי איז דאָך דעם איספּראַווניקס ווייב! האָבן זיי געענפֿערט: וואָס מיר איספּראַווניק, מיר האָבן אַ דערלויבעניש צו שפּילן, און אָן בילעטן לאָזן מיר ניט אריין. דעם איספּראַווניקס ווייב האָט דאָס דערציילט איר מאַן, האָט ער גענומען 2 גאָראָדאַוואָיס און צוגעשיקט מע זאָל אראָפּרייסן די פֿאַרשטעלונג. אַז די גאָראָדאָוואָיס זיינען געקומען און געהייסן פֿאַרמאַכן די קאַסע, האָט מישעראַט געכאַפּט דאָס קעסטעלע מיטן געלט, אַנטלאָפֿן אין מאַרק און זיך באַהאַלטן אונטער אַ בויד. דאַ איז דערווייל געוואָרן אַ קאָך צווישן אוילעם, געוויינטלעך, די פּניי פֿון שטאָט. ווער עס האָט געהאַט קאַנטשאַפֿט מיטן איספּראַווניק, זיינען געלאָפֿן צו אים בעטן מע זאָל לאָזן שפּילן, און 2 אַקטיאָרן זיינען אַוועק זיך אַנטשולדיקן פֿאַרן איספּראַווניקס ווייב, דענסטמאָל ערשט האָט מען זיי דערלויבט די פֿאָרשטעלונג צו שפּילן.

באַ מישעראַטן אין טרופּע האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מיט זאַסלאַווסקין.

זאַסלאַווסקי איז געבוירן אין אָדעס, און זיין ערשטער ארויספֿאָר איז געווען מיט אַ טרופּע אונטער דער דירעקציע פֿון פֿעלדמאַן.

פֿון דאָרט איז ער אָנגעקומען צו מישעראַטן. זיי זיינען ארומגעפֿאָרן אין די קליינע שטעטלעך פֿון בעסאַראַביער גובערניע. ער דערציילט, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ קעסטקינד באַ אַ קאַצעוו און גלייכצייטיק איז ער שוין געווען אין טרופּע דער בעסטער אַקטיאָר. ער האָט שוין געשפּילט „גאַוורילִיקל“ אַף „כינקע-פּינקע“. דער באַלעבאָס פֿלעגט זיצן אַף 2 בענקלעך אין דער ערשטער ריי, און פֿלעגט לאַכן הויך אַף זאַסלאַווסקעס וויצן און שרייען: עס איז מיין באָכער! אַז די פֿאָרשטעלונג פֿלעגט זיך ענדיקן פֿלעגט ער שרייען, אַז דער גאַנצער אוילעם זאָל הערן: „סלאַווסקי קום אַ היים עסן“.

זאַסלאַווסקי איז געווען אין די קלענסטע און גרעסטע טרופּעס. ער איז אָנגעקומען קיין וואַרשע און האָט דאָרט געשפּילט „באַר-קאָכווע“. מען האָט שוין אָנגעהויבן ריידן פֿון דעם יונגן אַרטיסט. אָבער די אַקטיאָרן האָבן קיין וועזן ניט געמאַכט פֿון אים. איז ער ווייטער אַוועקגעפֿאָרן אַף דער פּראָווינץ. דערנאָך איז ער אָנגעקומען צו קאַמינסקען. ער איז שוין געווען באַ זיך אַביסל שטייפֿער. שפּעטער איז ער אַוועק פֿון דאָרט צו סאַבסאַיען. באַ סאַבסאַיען איז ער געוואָרן רעזשיסאָר. דער נאָמען זיינער האָט אָנגעהויבן גרעסער און גרעסער ווערן, אַז די טרופּע איז צופֿאַלן, איז ער אַוועקגעפֿאָרן.

ער האָט צוזאַמענגענומען דערנאָך אַ טרופּע און איז אַליין געוואָרן אַ דירעקטער.

דערנאָך האָט ער געשפּילט „אַקאָסטאַ“ אָף העברעיִש. מִיט דער ראָל האָט ער זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען. אִין וואַרשע איז ער אויך אויפגעטראַטן אִין „אַקאָסטאַ“ און ער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג.

זיין פֿרוי בערטאַ האָט אים איבערגעזעצט רוסישע פּיעסן אָף ייִדיש. צום סאָף איז ער אנגאַזשירט געוואָרן קיין לאָדז, ווי גוּיעך פּרילוצקי האָט אים אויפֿגעהויבן.

אַ מענטש איז ער זייער אַ שלעכטער. ער האָט שטאַרק עקספּלואַטירט זיינע עקטיאָרן, פֿלעגט צורייסן די רעכענונגען און קיינעם ניט ווייזן, נאָר שטייענדיק מִיט אים אָף דער בינע, פֿלעגט זיך אַלץ פֿאַרגעסן.

זיין שפּילן דעם „פֿאָטער“ סטרינדבערגס פֿלעגט אָף די אַקטיאָרן מאַכן אַ גרויסן איינדרוק. פֿון זיין שפּילן דעם „נעגער“ אָפֿן „שוואַרצן פֿלעק“ פֿלעגן אַלע באַצויבערט ווערן. נאָר די שטיקלעך זיינע—דאָס מאַכן אים קאַליע זיין גאַנצן טאַלאַנט, אַז ער פֿילט אין אַ שטאָט, אַז מען ווייס שוין ווער זאַסלאַווסקי איז און טאָמער איז אַ קליינע איינאָמע, מאַכט ער זיך פּאָשעט מעשוגע. דאָס טוט ער אָבער קיינמאָל ניט אין אַן ערנסטער פּיעסע.

פֿון גאָרדינס רעפּערטואַר האָב איך געשפּילט מִיט אים „די שכיטע“, ער „שמועל יאָסל“ און איך דער ראָוו. אַז עס קומט אַריין עלקאָנע צום ראָוו און זאָגט: „וואָס פֿאַר אַ מענטש זייט איר ר׳ עלקאָנע, איר שפּילט זיך אין קאָמער-קאָמער הויז, דאָ שפּרינגט איר אַהער, דאָ אַהין“—האָט ער מיך געכאַפּט צום טאַנצן און האָט אנגעהויבן ריידן פּראָזע פֿון אַלע פּיעסן.

דאָס ערשטע מאָל, אַז ער קומט אָן אין אַ שטאָט, האַלט ער זיך אנשטענדיק ביז אַ געוויסער צייט.

באַ זאַנדבערגן האָט ער זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן גוט, ווייל ער האָט פֿאַר אים מוירע געהאַט.

אַוועקגעפֿאָרן פֿון מישראַטן, זיינען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן געשפּילט 2 טרופּעס: איינע אָף מאָקאָטאָוו—וויספֿעלדס און איינע אִין זשאַרדין דיוואַר—סעם אַדלער מִיט פֿישזאָנען. די גאַנצע דייע האָט געהאַט מישע פֿישזאָן, און דער אַלטער פֿישזאָן פֿלעגט שוין זיין ווי אַ וויצע-פּרעזידענט.

איך בין אָנגעקומען אין וויספֿעלדס טרופּע.

דאָרט איז געווען גיליאָרע, גאָלדבערג (דער קליינער) שוואַרצבאָרד גוסטאַוו, דאַוויד שוואַרצבאָרד, רוזשע שוואַרצבאָרד, שמולעוויטש,ביידע בליפֿעלדס, שטראַס-פֿויגל, אַדאָלף בערמאַן א. אַנד.

געשפּילט האָט מען מערסטנטייל גאָלדפֿאַדנס רעפּערטואַר. לאַנג האָט זיין טעאַטער ניט געהאַלטן, ווייל יענע טרופּע, וואָס איז געשטאַנען אִין זשאַרדין דיוואַר, האָט געמאַכט גוטע געשעפֿטן. דערנאָך האָבן וויספֿעלדס אַקטיאָרן זיך צונויפֿגענאָסן מִיט יענער טרופּע און מע האָט געשפּילט אין ביידע טעאַטרען.

די האָרעוואַניע איז געווען זייער אַ גרויסע. מע פֿלעגט אָפּט אָפּשפּילן אַ פֿאָרשטעלונג אִין זשאַרדין דיוואַר און דאַרפֿן פֿאָרן אָף מאַקאַטאָוו שפּילן. מע פֿלעגט ווערן זייער אויסגעריסן. דער פֿאַרדינסט איז געווען זייער אַ קליינער. מִיט אונדז אינייִנעם האָט געשפּילט סעם אַדלער.

סעם אַדלער איז געקומען פֿון אַמעריקע. דאָס ערשטע מאָל האָט ער מִיט-געבראַכט פֿאָלגנדיקע פּיעסן: „הערצעלע מעיוכעס“, „כורבן ירושאָלאַים“, „אישאַ ראַ“. אִין דער טרופּע באַ סעם אַדלערן מִיט פֿישזאָנען זיינען געווען: ליבערט, קראַוזע, ראַפּעל, זאַנדבערג, טיטלמאַן, בערמאַן, טרילינג, סיעראַצקי א. א. אִין „הערצעלע מעיוכעס“ האָט קיינער ניט געוווּסט ווי אַריינצוקריכן. אַלע אַקטיאָרן האָבן געהאַלטן סעם אַדלערן פֿאַר אַ גאָט (בעטעווע האָט ער שטענדיק געשנופּט מִיטן נאָז, און שפּעטער. אַז אַן אַקטיאָר האָט קאָפּירט זיינע אַ ראָל האָט ער געשנופּט מִיט דער נאָז, ווי סעם אַדלער. רעכענענדיק, אַז אַזוי דאַרף מען שפּילן, ווייל מע האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ קינסטלער).

איידער די 2 טרופּעס האָבן זיך אִין וואַרשע פֿאַרייניקט (וויספֿעלדס מִיט סעם אַדלער און פֿישזאָנס) איז צו וויספֿעלדן אָנגעקומען אַן אַקטיאָר—דער אַלטער אָסקאַר. אַמאָל איז ער געווען אַ דייטשישער אַקטיאָר.

אַז ביידע טרופּעס האָבן זיך פֿאַראייניקט, איז ער אין דער טרופּע ניט אַריין ער פֿלעגט אַרומפֿאָרן אָף טעאַטער-אָוונטן, וועלכע ער אַליין פֿלעגט אויספֿילן, לייענענדיק שאָלעמאַלייכעמען, אָפּשפּילנדיק אַ סצענקעלע פֿון פֿראַנץ מאָר פֿון שילערס „רויבער“, אָדער אַ מאָנאָלאָג פֿון „אוריאַל אַקאָסטאַ“.

אִין וואַרשע פֿלעגן זיך אַסאַך אַקטיאָרן פֿאַרנעמען מִיט לערנען ליבהאָבער פֿאַר אַרטיסטן. מִיט דעם האָבן זיך פֿאַרנומען: מייערסאָן, אסקאַר, טיטלמאַן. אין כוץ דעם האָבן זיך מִיט דעם פֿאַרנומען קאַליקעס—אַקטיאָרן, ווי לעמאָשל: שטראַס-פֿויגל א. אַנד.

מייערסאָן און אָסקאַר פֿלעגן די ליבהאָבער לערנען זיך גרימירן, האַלטן לעקציעס, לערנען באַוועגונגען, ווי צו ריידן, אַזוי ווי אִין אַ שולע, דאַקעגן שטראַס-פֿויגל האָט געהאַט אַ סטאַווקע: 3 קאָפּיקעס פֿאַר אַ רוך (אַ באַוועגונג) און 5 קאָפּיקעס פֿאַר אַ טיפּ. אַז מען פֿלעגט אַריינגיין צו שטראַספֿויגלען, פֿלעגט מען זען שטיין 3-4 ליבהאָבער לעבן אַ שפּיגל—דאָס פֿלעגן זיי זיך לערנען „רוכעס“ פֿון „יעקל באַלעגאָלע“, פֿון „כינקע-פינקע“, די פּיעסן, אִין וועלכע ער האָט געשפּילט און געקענט.

פֿון מייערסאָנס און אָסקאַרס טאַלמידים זיינען אַרויס גוטע אַקטיאָרן: ליבערט, שידלאָווער און יאַבלאָנסקי פֿון אָסקאַרן: קאַלמאַנאָוויטש און לעבעדיעוו—פֿון מייערסאָנען און אַסאַך אַנדערע.

דאָס אַלץ, וואָס כ׳דערצייל איצט, איז געווען אִין 1909 יאָר.

וו. נאָדל.

# וווהין גייט פראנקרייך?

## (וועגן היינט און מאָרגן פון דער „זיגערן" אין דער וועלט-מילכאָמע).

„אין פראנקרייך ווערט די ווירטשאַפטלעכע לאגע אלץ שווערער.

אסאך רעט פאר דעם, אז נאָך האיאר וועט דער קריזיס געפינען דעם אָדער יענעם אָפענעם אויסדרוק".

(טראָצקי, אפן צוזאמענפאָר פון די טעקסטיל-ארבעטער).

„דאָס לאנד געפינט זיך אין א לאגע פון א מענטשן, וועלכער פארשטייט גארנישט. אלץ איז אין אָרדענונג: די פאבריקן און זאוואָדן ארבעטן בעסער, ווי ווען עס איז, ניטאָ קיין סימען פון ארבעטלאָזיקייט. דער באלאנס פון אויסערן-האנדל איז זעלטן גוט...

און דאָך... פיבערט".

(באקאנאווסקי — פאָרשטייער פון נאציאָנאלן בלאָק אין פארלאמענט).

צוויי אָפשאַצונגען קימאט אין איין טאָג.

פאָרשטייער פון צוויי וועלטן גיבן זיי —

באקאנאָווסקי—ער רעט אין נאָמען פון דער אַלטער פראַנקרייך, פון דער פראַנקרייך, וועלכע איז נאָך נעכטן געזעסן באַם מעלוכע-רודער, פון פראנקרייך פואַנקאַרעס און מיליעראנס.

טראָצקי דריקט אויס דעם אומרו, וואָס כאַפט אַרום אַלץ מער דעם פראַנצויזישן אַרבעטער, פויער און קליין-מענטשעלע, וועלכע יעדן טאָג באַגעגענען זיי זיך מיטן קרעמער און מילכיקער און, לויטן צעטל פון פרייזן, אורטיילן זיי וועגן דער שטאַרקייט פון היינטיקער פראַנקרייך.

איז ווער איז גערעכט?

מען קען ניט זאָגן—נאָר טראָצקי.

אין באקאנאָווסקעס ווערטער ליגט אויך אַ שטיק עמעס.

נאָר ריידן ריידן זיי וועגן באַזונדערע צייטן.

באקאנאָווסקי וועגן נעכטן און שטיקל היינט - וועגן היינט אַפן יעסאָד פון נעכטן, גליקלעכן נעכטן פון די נאָך מילכאָמע יאָרן.

טראָצקי--וועגן מאָרגן, טונקעלן מאָרגן אַפן סמאך פון נעפלדיקן היינט.

באקאנאָווסקי וויל ניט אריינקוקן טיף אין וואַסער—ער זעט דעם גלאַנץ פון גאַס.

טראָצקי פירט אונדז אריין אין די הינטערשטע צימערן פון דער געביידע, וועלכע רופט זיך היינט:

פראַנצויזישע רעפובליק.

איז פריער

### פראַנקרייך היינט!*).

„פראַנקרייך איז דאס גליקלעכסטע לאנד אין אייראָפע"— אַזעלכע מעלדונגען קענט איר לייענען טאָג טעגלעך אין אַלע צייטונגען פון דער אַלטער וועלט.

מ'דאַרף זאָגן — אין באַצוג צום נעכטן איז עס טיילווייז עמעס.

אַפן אייראָפעישן קאָנטינענט איז עס דאס איינציקע לאַנד, וואָס האָט איבערגעיאָגט די פארמילכאָמע נאָרמען, פאַרשטאַרקט איר ווירטשאַפט, זיך אינדוסטריאַליזירט, אַריינגעשלונגען ביז דריי מיליאָן פרעמדע אַרבעטער—פון פוילן, איטאַליע, באלקאָן.

אָנשטאָט אַלגעמיינע אָפשאַצונגען זאָלן ריידן ציפערן.

די וועלטווירטשאַפט מעסטן מיר פריער פון אַלץ לויטן צושטאנד פון דער אויסאַרבעטונג און געברויך פון קוילן, אייזן, שטאָל.

האָבן מיר אין פראַנקרייך אַזאַ לאַגע:

קוילן האָט פראנקרייך פאר דער מילכאָמע פראָדוצירט טעגלעך 136,147 טאָן, אין יול 1925—157,114—אַ פאַרגרעסערונג אַף 15 פראָצ.

נאָך גיכער איז געוואקסן דער געברויך פון קוילן. ניט געקוקט אַף דעם גיכן וווּקס פון דער א יי ג ע נ ע ר פראָדוקציע, קומט אויס אַלץ מער און מער אריינפירן אין לאַנד. אין 1913 יאָר האָט מען אריינגעפירט 18,711,043 טאָן, אין 24-טן יאָר 25,107,584. קאָקס—אין 1913-טן יאָר—3,070,038 און אין 1924-טן יאָר—5,407,195 טאָן.

קוילן איז די מאָס פון וווּקס פון דער ג אַ נ צ ע ר ווירטשאַפט. ווייזן טאקע אלע צווייגן אַ גאנץ גרויסן וווּקס.

טשוהון איז אויסגעוואקסן אין יאָר 24 אין פארגלייך מיטן יאָר 13 פון 5,207 אַף 7,693 מיליאָן טאָן.

שטאָל—פון 3,592 אַף 6,900 מיליאָן טאָן.

ניט וויינִיקער שנעל איז געוואקסן די פראַנצויזישע מאַשין-אינדוסטריע.

פראַנקרייך פאַר דער מילכאָמע האָט געטראָגן דעם נאָמען— „אַ לאַנד פון שיינע קלייניקייטן". אין די אַלטע לערנביכלעך, אַף דער פראַגע:—וואָס פראָדוצירט פראַנקרייך?—פלעגט איר געפינען אַזאַ ענטפער—קרויזן, מאָדעס, שיינע צאַצקעס.

פאַר יענע צייטן איז עס אויך געווען ניט ריכטיק. אויך פאַר דער מילכאָמע האָט פראַנקרייך געהערט צו די אינדוסטריעלע לענדער.

אָבער פאַר די לעצטע יאָרן איז זי זייער ווייט אַוועק. אין געביט פון טעכניק האָט זי געלאָזן הינטער זיך דייטשלאנד, קאָנ-

*) די, וועלכע ווילן זיך ברייטער באקאנען מיט דער לאגע פון פראנקרייך, רעקאָמענדירן מיר דעם כ' פרעאָבראזשענסקיס ביכל „עקאנאמיק און פינאנצן פון היינטיקער פראנקרייך".

קוריִרט מיט ענגלאַנד און וואַגט זיִך גלייכן מיטן „פֿעטער סעם" (אַמעריִקע).

מיט דערזעלבער שנעלקייט וואַקסט אויך דער אויסערן-האַנדל.

אין יאָר 1924 — איִז דער באַלאַנס פֿון אויסערן-האַנדל געווען אַן אַקטיִוּוער. עמעס, דיִ אַקטיווקייט איִז געקומען נאָר איִן לעצטן יאָר.

דאַכט זיִך אַלץ גוט!

און דאָך פֿיבערט דיִ אַלטע פֿראַנקרייך.

וווּ זייִנען דיִ סיבעס?

לאָמיר טאַקע אָנהויבן פֿון דיִ לעצטע ציפֿערן פֿון פֿראַנצויזיִשן האַנדל.

פֿראַנקרייך פֿיִרט ארויס ביִז 40 פראָצ. פֿון איר אויסאַרבעטונג איִן אַמעריִקע און ענגלאַנד, איִן לענדער מיט א פֿעסטער, סטאַביליזירטער וואַלוטע.

דאָס איז איין פֿאַקט.

און דער צווייטער—

דער פֿראַנצויזיִשער פֿראַנק איִז „שיקער"—ער האַלט אין איין באַוועגן זיך—איִם ציִט צו דער זיִנדיִקער ערד.

אויב מיִר ווּעלן דעם פֿאַרמיִלכאָמע-קורס נעמען פֿאַר הונדערט—דאַן האָבן מיר אַזאַ ביִלד:

דער מיִטעלער קורס פֿאַרן יאָר 21—260,
" " " " " 22—235,
" " " " " 23—320,
" " " " " 24—372,
פֿאַר 8 כאַדאָשים " " 25—509.

אַזוי דערציילט זיין אייגן געשיִכטע, דער אַמאָל שטאָלצער פֿראַנק.

און אָט אין דער געשיכטע געפֿינט איר דעם אָנזאָג פֿאַר הייִנטיִקן פֿראַנקרייך, אַז עס קומען אָן שווערע טעג.

פֿאַרוואָס?

אַ „שיִקערע" וואַלוטע איִז זייער צום האַרצן דיִ, וועלכע האַנדלען מיט דער אויסער-וועלט—דעם אַרבעטער, דעם פויער צאָלן זיי אַסאַך ווייניקער, וויפֿל עס קומט זיי—זיי באַקומען גאַנץ וואָלוועלע סכוירעס, קאָנען קאנקורירן אָפּן וועלטמאַרק, באַזונדערס אין דיִ לענדער, וועלכע פאַרמאָגן שוין אַ „סטאַביִליִזיִרטע" וואַלוטע.

נאָר אייביק לעבן מיט „אַ שיקערער" וואַלוטע איז שווערלעך. דיִ געשיכטע האָט באַוויזן דער וועלט-בורזשואַזיע, אַז עס קומט אַ צייט, ווען צוזאַמען מיט דער „שיִקערער" וואַלוטע הויבן זיִך אָן בויגן צו דער ערד אויך אירע באַלעבאַטיִם.

עס קומט אויס אָדער דער בורזשואַזיע אליין „אויסניכטערן" די וואַלוטע, אָדער דאָס טוט דער אַרבעטער און פויער.

אין הייִנטיִקער פֿראַנקרייך ווערט אַלץ שטאַרקער די פֿאָדערונג—מיר ווילן אַ שטאַרקע וואַלוטע.

עס פֿאָדערט דער אַרבעטער, וועלכער פֿאַרליִרט אַלץ מער פֿון זיין אַרבעטלוין, ווּעמען עס קומט אויס אַריבערצולייגן אין קעשענע פֿון באַלעבאָס נאָך אַ ספּעציעלע פֿאָרם פֿון „פרעמיע"—די וואַלוטע-פרעמיע.

עס פֿאָדערט דער פויער, וועלכער ליידט ווי אַ פֿאַרקויפֿער פֿון זיינע פּראָדוקטן און ווי אַ זאַמלער פֿון קאָפּיִקעס, דיִ בורזשואַזיע באַרויבט איִם. דער פֿראַנצויזיִשער פויער, דער קליינער קרעמער, הענדלער, דער אַמאָליקער „וועלט-באַנקיִר" האט פֿאַר דיִ נאָך מילכאָמע-יאָרן פֿארלאָרן איבער 60 פראָצ. פֿון אַלע זיינע אָנזאַמלונגען.

עס פֿאָדערט אויך דער „באלעבאָס" פֿון דער וועלט—דער דאָלאַר און פונט—די אַמעריקאַנער און ענגלישע בורזשואַזיע. זיי האָבן אָפּגעשוואַכט די קאָנקורענץ-פֿעיִקייט פֿון דייטשלאנד, צווינגנדיק איר זיך „סטאַביליזירן". הייִנט שטייט אין טאָג-אָרדענונג פֿראנקרייך, וועלכע לעבט נאָך, ווייל דער פֿראנק פֿירט נאָך אַרויס.

מ'רעט, אַז איִן פֿראַנקרייך איז אַ פֿיִנאַנציִעלער קריִזיִס. דער פֿראַנק טאַנצט צו שנעל, ער הערט ניִט דעם דיִריִזשאָר.

דאָס איִז נאָר אַ שטיקל עמעס.

דער פֿראַנק איִז נאָר דער אָנהויב. און טאקע דערפֿאַר, וואָס פֿון פֿראַנק הויבט זיך אָן, טומלט זיִך אַזוי אָרום אַלע געזעצפּראָיעקטן וועגן אויסבעסערן דיִ פֿיִנאַנציעלע לאַגע פֿון פֿראַנקרייך.

ניִט אומזיִסט האָט דיִ טעג דער נייער „אויסלייזער"—בריִאַן, וועלכער שאָקלט זיִך פֿון ליִנקס אַף רעכטס, קעדיי ענדלעך צו בלייבן אין דיִ אָרעמס פֿון פּואַנקארע און מיליעראַן, פֿאַטעטיִש געמאָלדן —

„איִך, וויִ א קאפּיִטאַן פֿון שיִף, זאָרג נאָר וועגן איינס—אַרייִנפֿיִרן דיִ שיִף איִן פּאָרט".

און מ'דאַרף זאָגן—כאָטש דער קאַפּיִטאַן איִז אַ געניִטער—דורכגעמאַכט אַ גאַנץ לאַנגן וועג פֿון סאָציִאַליזם ביִזן נאַציִאָנאַלן בלאָק—וועט זיִך איִם דאָך דיִ אַרבעט ניִט איינגעבן.

פֿאַרוואָס?

לאָמיִר זיך אַ ביסל טיִפֿער אַריינקוקן איִן דער לאַגע פֿון דער געלט-וויִרטשאַפֿט פֿון פֿראַנקרייך.

דער פֿראַנצויזיִשער ביודזשעט פֿון יאָר צו יאָר באַווייזט אַלץ אַ וואַקסנדיִקן דעפֿיִציִט:

יאָר 1920 האָט באַוויִזן אַ דעפֿיִציִט אין 3,1 מיִליאַרד פֿראַנק.
" 1921 " " " " 2,1 " "
" 1922 " " " " 1,3 " "
" 1923 " " " " 1,5 " "
" 1924 " " " " 4 " "
" 1925 " " " " 4,3 " "

דאָס איִז דאַן, ווען קיין איין קאָפּיִקע ווערט ניִט געצאָלט אַף צו דעקן דיִ אויסלענדיִשע כויוועס, וועלכע דערגרייכן אַ גאַנץ היִפּשע סומע—70 מיִליאַרד גאָלדענע פֿראַנקן (דיִ איִנערלעכע כויוועס—50 מיִליאַרד, צוזאַמען—120 מיִליאַרד, אָדער 45 מיִליאַרד גאָלד).

דאָס יאָר 1926 גיִט אָנצוזאָגן, אַז דיִ לאַגע האַלט זיך ניִט אין פֿאַרבעסערן. אַפֿילע דיִ אָפּטימיסטיִשע כעשבוינעס פֿון דער פראַנצויזיִשער רעגיִרונג זאָגן אָן, אַז דער דעפֿיִציִט וועט זיין ניִט קלענער פֿון יאָר 25, ד. ה. ניִט ווייניִקער פֿון 4.300 מיִליאָן. אויב

צו דער סומע זאָל מען צולייגן נאָר די אומפאַרמיידלעכע צאָלונגען אין פראַנקרייך גופא, דאַן מוז מען פאַרגרעסערן די סומע ביז 8.800 מיליאָן פאפירענע פראַנקן, אָדער 1.760 גאָלדענע.

אייניקע כאַווירים קענען זאָגן—גאָרניט אזוי שלעכט, פון יאָר צו יאָר פאַרבעסערט זיך די לאַגע—דער דעפיציט ווערט אלץ קלענער.

דער ענטפער איז נאָר א האלבער ענטפער און אָט פאַרוואָס:

די ערשטע נאָכמילכאָמע-יאָרן האָט פראַנקרייך געלעבט אַפן כעשבן פון דעם „אונטערגעוואַרעמטן" פאַטריאָטיזם.

„דער דייטש וועט פאַר אַלץ באצאָלן—זיי האָבן און קענען".

די פראַנצויזישע „פריינט" אין ענגלאנד האָבן ניט דערווידערט—זאָלן זיי זיך טרייסטן.

האָט מען טאקע געכעשבנט: דייטשלאַנד דאַרף באצאָלן 240 מיליאַרד גאָלדענע מאַרקן. אָט דער גאָלדענער רעגן וועט אלעמען פאַרשיטן.

מ'האָט געוואַרט און דערווייל געלעבט אַפן דייטשס כעשבן. שפעטער האָט מען זיך אַביסל אויסגעניכטערט—פאַרקלענערט די סומע ביז 132 מיליאַרד.

דער דייטש האָט ניט געצאָלט, ווייל צאָלן קען ער ניט אַזאַ סומע.

איז געקומען די אקופאציע פון רור.

איז געווען דער צווייטער עטאפ—רור וועט אלץ דעקן. דורכגעפאַלן אויך רור. די הויצאָעס זיינען געווען גרעסער פאַר די האַכנאָסעס.

ביסלעכווייז, שטאַרקט זיך דער פראָצעס פון אויסניכטערונג—אַפילע דער פראַנצויזישער קרעמער, וועלכער האָט אַפילע אין שלאָף געוואָרגן דעם דייטש, האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז די שפיל איז אַ געפערלעכע.

אין האַרבסט פון 1923 יאָר שטייט פאַר די אויגן דער דייטשער אַרבעטער און פויער. אַז מע קוועטשט אים צופיל, הויבט ער אָן צו ריידן מיט דער שפראך פון ביקס.

צו דעם זיינען צוגעקומען אויסערלעכע „צאָרעס".

די ליבלעכע ברידער—די ענגלענדער און אמעריקאנער האָבן אָן כארפע און בושע אַריינגעשיקט א כעשבן מיט אַ קליין-צעטעלע: זייט מויכל און באצאָלט!

עס איז קלאָר, אַז די בורזשואַזע פראַנקרייך קען ניט מעלדן—איך צאָל ניט, ווייל דאָס וואלט הייסן—גיין אַף די „באָלשעוויסטישע וועגן".

צאָלן דאַרף מען. אויב מיר זאָלן נעמען די בעסטע באַדינגונגען, וועלכע זיינען נאָר מעגלעך—די באַדינגונגען, וועלכע פראַנקרייך האָט אליין פאָרגעלייגט אַמעריקע, דאַן באַקומט זיך אַ יערלעכע צאָלונג ניט ווייניקער פון אַ מיליאַרד מיט 200 מיליאָן גאָלדענע פראַנקן.

צוזאַמען מיטן „נאָרמאלן" ביודזשעט-דעפיציט באַקומען מיר יערלעך אַ דעפיציט ביז דריי מיליאַרד פראַנק.

פאַרגלייכט די סומע מיט די האַכנאָסעס פון דער מעלוכע 8 מיליאַרד, שטעלט אַוועק לעבן די צוויי ציפערן דעם פאַרמילכאָמע-ביודזשעט—4.857 מיליאָן און איר באַקומט קימאט אַ קלאָרן ענטפער—א לאגע זייער אַ שווערע.

נאָר לאָמיר גיין ווייטער, עפשער איז מעגלעך העכערן די שטייערן, דעקן דעם דעפיציט, סטאַביליזירן די וואַלוטע און אַרויסגיין פון קריזיס?

די פראגע רופט ארויס א צווייטע פראגע—אף וועמענס כעשבן?

פאר אַן ענטפער עטלעכע ציפערן —

די פראנצויזישע מעלוכע נעמט אָפ באַ דער באַפעלקערונג מיט שטייערן 20,9 פראָצ. פון גאנצן נאַציאָנאלן—יערלעכן רייכטום, אין דער צייט, ווען אמעריקע נעמט נאָר 11,5.

אין פאַרגלייך מיט די פאַרמילכאָמע יאָרן זיינען די שטייערן אין פראַנקרייך פאַרגרעסערט געוואָרן אַף 60 פראָצ. אין יאָר 13 איז אַף יעדן בירגער געפאַלן 104 גאָלדענע פראַנק, היינט 171.

די דירעקטע שטייערן דעקן נאָר 30 פראָצ. פון אַלע האַכנאָסעס, די איבעריקע 70 פראָצ. ווערן צונויפגעקליבן דורך אומדירעקטע שטייערן, ד. ה. דורך די, וועלכע פאַלן הויפטזעכלעך אַף אַרבעטער, אַפן האָרעפּאַשניק.

די ציפערן גיבן אַן ענטפער—דער אַרבעטער און אָרעמער פויער צאָלן שוין מער ווי גענוג זיי האַלטן אויס די רעגירונג מיט צוויי דריטל פון אַלע אירע הויצאָעס, זיי האַלטן אויס דעם גאַנצן אַפּאַראַט. מער געבן קענען זיי ניט.

*ווער זשע קען צאָלן?*

*דער רייכער פויער און אינדוסטריעלער.*

דעם פויער האָט מען אָבער מוירע צו באַשטייערן, ווייל דער פויער פאַרמאָגט מער ווי אַ העלפט שטימען. די אַזוי גערופענע „לינקע" ווילן ניט באַשטייערן דעם פויער, ווייל זיי זיינען געקומען אין פאַרלאַמענט מיט זיינע שטימען—אָבזאָגן זיך פון זיי, באַם בעסטן ווילן קענען זיי ניט.

די רעכטע ווילן די פויערשע שטימען באַם לינקן בלאָק אָפנעמען—קענען זיי אויך ניט גיין אַף אַ גרעסערער באַשטייערונג.

באַקומט זיך טאַקע אַזאַ פאַראדאָקס: קאָמוניסטן טראָגן אַריין אַ פאָרשלאַג—פאַרקלענערן דעם שטייער פון מיטעלן פויער אַף 30 פראָצ. שטימען פאַר דעם פאָרשלאַג קימאַט אַלע.

עמעס, אַף מאָרגן האָט די בירזשע-פרעסע אופגעהויבן אַ מוירעדיקן טומל, געשריבן וועגן דעם, אַז דער פאַרלאַמענט וואַרפט זיך אונטער דער „באָלשעוויסטישער דעמאַגאָגיע".

האָבן טאַקע 200 פון 416 דעפוטאַטן זיך געכאַפט אַפן סייכל און שריפטלעך געמאָלדן—מיר האָבן אַ טאָעס געהאַט, געמיינט האָבן מיר אַנדערש, ניט פאַרשטאַנען, וואָס די „באָלשעוויקעס" האָבן געמיינט.

בלייבט—*דער איינציקער צאָלער—די שטאָטישע בורזשואַזיע.*

פאַר די יאָרן פון מילכאָמע און נאָכמילכאָמע-יאָרן האָט זי הונדערטער מיליאָנען פון מעלוכע-קעשענע אריבערגעלייגט אין די אייגענע קעשענעס. עס וועט נאָך אַריבערגיין אַסאַך צייט, ביז מיר וועלן זיך דערוויסן, וויפל און ווער האָט באַקומען פון דער

רעגירונג, ד. ה. באַרויבט דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק אונטער דער שרייענדיקער פּאַן „קרעדיטן אַף אויפֿצושטעלן די צורויניִרטע טיילן פֿון פֿראַנקרייך".

איז אָבער דאָ אַן אַלטער עמעס—די בורזשואַזיע וויל ניט צאָלן, און ווי עס ווייזט אויס, וועט זי ניט צאָלן.

אין דעם אין טאָך געגומען, איז באַהאַלטן דער גאַנצער שפּיל אַרום די דעבאַטן אין פּאַרלאַמענט.

פֿריִער איז געווען אַלץ קלאָר. אַ לינקע מערהייט, אַ רעכטע מינדערהייט—דאָס איז געווען דאַן, ווען דער פּאַרלאַמענט האָט זיך פֿאַרנומען מיט דעקלאַמאַציע.

ווען אַפֿן טאָגסיידער איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער פֿראַנק, האָבן זיך די דעקאָראַציעס געביטן—און צוזאַמען מיט די דעקאָראַציעס אויך די אַרטיסטן—אַ נייע מערהייט אין פּאַרלאַמענט, געשפּאָלטן זיך די ראַדיקאַלן. אַוועק בריאַן פֿון די לינקע. און די שפּאַלטונג דויערט נאָך אַלץ...

וואָס באַטייט עס?

וואָס באַטייט די אומאויפֿהערלעכע דעבאַטן שוין אין מעשעך פֿון דריי כאַדאָשים?

אַף אונדזער לאָשן הייסט דאָס—דער אָנהויב פֿון סאָף. נאָר זאָלן ריידן די פֿראַנצויזן אַליין. פֿון רעכטס אַף לינקס. „גאָלואַ"—איינע פֿון די רעכטסטע צייטונגען רעט וועגן „מעשוגאַעס" פֿון פּאַרלאַמענט.

„נאָר מעשוגאַעס טרעפֿט זיך אין עטלעכע פֿאָרמען. עס איז דאָ אַ שטילער מעשוגאַעס, וועלכער רופֿט אַרויס אַ מיטלייד. עס איז דאָ אַ מעשוגאַעס אַ שרייענדיקער, אַ שטורמישער, וועלכן מען מוז איינשטילן.

ווען דער טיראַן ווערט מעשוגע, וווּנדערט זיך פֿריִער דאָס פֿאָלק, נאָר ווען די קראַנקייט פּראָגרעסירט, דאַן שטייט אוף דאָס פֿאָלק. ווען קאַליגולע (אַ רוימישער מיילעך) האָט באַשטימט זיין פֿערד פֿאַר אַ קאָנסול, האָט עס אַרויסגערופֿן אַ געלעכטער. נאָר ווען קאַליגולע איז געוואָרן אַ געפֿאַר פֿאַר דער מעלוכע, האָט מען ·אים אַראָפּגענומען דעם קאָפּ".

ניט קיין שלעכטע שפּראַך, עמעס?

רעט ווייטער גוסטאַוו ערווע, דער אַמאָליקער לינקער אַנאַרכיסט, היינט אָ מאָנאַרכיסט אין „וויקטואַר":

„איך פֿרעג נאָר, וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַנאַרכיע? וואַרטן ווייטער טאָר מען ניט—עס האָט זיך אָנגעהויבן די צוליגונג פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם.

דאָס לאַנד דאַרף אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד, אויב זי וויל ניט, אַז דאָס פֿוילן זאָל זיך פֿאַרשפּרייטן פֿון די פֿיס ביזן קאָפּ".

די פֿראַנצויזישע פֿאַשיסטן גייען ווייטער:

„אַקסיאָן פֿראַנסעז" שרייבט—

„עס פֿילט זיך אַ געפֿאַר פֿון טויט, אין דער לופֿט הויבט אָן שמעקן מיט טויטע קערפּער. ווילדע פֿויגלען פֿון אַלע זייטן פֿליען שוין צום אָפּשטאַרבנדיקן קערפּער".

„מאַטען"—די צייטונג פֿון יעדן, וועלכער באַקומט אין האַנט דעם פּאָרטפֿעל פֿון אויסערנמיניסטער:

„די פּאַלאַטע אין איר מערהייט מאַכט אַן איינדרוק פֿון אָנמעכטיקייט און באַווייזט, אַז זי וויל ניט און קען ניט דערגרייכן דעם ציל. צו דען וועלן מיר דערלאָזן דעם טויט פֿון פֿראַנקרייך?

מיט יעדן טאָג ווערט די לאַגע אַלץ ערגער, יעדע אַוועקגייענדיקע וואָך דערנעענטערט אונדז צום העק.

דאָס לאַנד וויל ניט אונטערגיין. און וואָלט אויך ניט וועלן אויפֿשטיין. נאָר עס הויבט אָן צו פֿאַרשטיין, אַז די רעטונג קען ניט קומען פֿון זיינע אויסדערוויילטע און אַז, ווי אין די שווערע טעג פֿון איר געשיכטע, דאַרף זי אַליין געפֿינען אַן אויסוועג.

זיי, די אויסדערוויילטע (עס רעט זיך וועגן דער מערהייט פֿון פּאַרלאַמענט) באַמערקן נאָך אַלץ ניט, ווי פֿון אַלע זייטן דערנעענטערט זיך דער געוויטער, וועלכער דראָט אַלץ אַראָפּצוטראָגן.

דאָס לאַנד גויסעט און זיי פּלאַפּערן. פֿראַנקרייך שטאַרבט אָפּ און זיי פֿאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק-טרייבעריי".

זעצט פֿאָר דער אָרגאַן פֿון די לינקע—„אווענירּ":

„אויב עס וועט אַזוי דויערן, וועט עס אַרויסרופֿן אין לאַנד אַ פּאַניק, אין פֿאַרגלייך מיט וועלכער די פֿאַראַיאָריקע קריזיסן וועלן אויסזען ווי שפּילכעלעך".

וואָס פֿאַר אַ נאָמען האָט די דאָזיקע שפּראַך?

דאָס איז די שפּראַך פֿון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע.

די בורזשואַזיע אַליין לערנט דעם היינט נאָך ניט באַוווּסטזיניקן אַרבעטער און באַזונדערס דעם פּויער, באַווייזט זיי, וואָס אַזוינס איז די פּאַרלאַמענט-סיסטעם, רופֿט פּאַקטיש צום אויפֿשטאַנד.

עמעס, די שרייבער מיינען עס ניט—זיי פּרוּוון היינט נאָר דראָען, פּרוּוון פֿאַרשרעקן, אָבער די רעזולטאַטן וועלן זיין קעגנזעצלעכע.

פֿראַנקרייך גייט צו אַ קאַטאַסטראָפֿע—

היינט, דערווייל נאָך נאָר אַ פֿינאַנציעלע.

עמעס, אַן אויסוועג איז ניט אויסגעשלאָסן. עס איז מעגלעך, אַז דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע וועט זיך איינגעבן אַרופֿלייגן אַף די פּלייצעס פֿון די אַרבעטער און פֿון די פּויערים נייע שטייער-לאַסטן, באַקומען אין אויסלאַנד אַ האַלוואָע, פֿאַרקויפֿן אַמעריקע די זעלבסטשטענדיקייט און סטאַביליזירן דעם פֿראַנק.

דאַן וועט זיך אָנהויבן דער צווייטער קאַפּיטל—פֿראַנקרייך די פֿראַנצויזישע ווירטשאַפֿט וועט פֿאַרלירן די „אינפֿליאַציע-פּריווילעגיע", די מעגלעכקייט אַפֿן כעשבן פֿון רויב פֿון אַרבעטער און פּויער וואָלוול פֿאַרקויפֿן אין אויסלאַנד סכוירעס.

דאַן קומען אַפֿן אָרט פֿון פֿינאַנסקריזיס דער קריזיס פֿון פּראָדוקציע, דער קריזיס, וועלכן עס לעבט איצט איבער דייטשלאַנד און ענגלאַנד...

דער אינערלעכער קריזיס בינדט זיך מיטן קריזיס אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק.

די מעכטיקע פראַנצויזישע רעפּובליק קען ניט שוין אָט אין מעשעך פון צוויי יאָר באַזיגן דאָס קליינע ריפישע פאָלק. 300.000 סאָלדאַטן מיט טאַנקן, אַעראָפּלאַנען, פלאָט, וועלכער בלאָקירט די ריפישע ברעגן, קענען ניט דורכקומען מיט עטלעכע צענדליק טויזנט שלעכט-באַוואָפנטע ריפן.

צו ריפן קומען צו די סיריער—דאָס איז אין מיזרעך.

אין אייראָפּע פאַרלירט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. פּוילן איז שוין היינט ניט פראַנקרייכס קיין קנעכט, נאָר ענגלאַנדס. טשעכאָסלאָוואַקיע קוקט מער אין די לאָנדאָנער פענצטער, איידער אין די פּאַריזשער.

איז אַף דער פראַגע וווהין גייט פראַנקרייך?—האָבן מיר איין ענטפער—אַ דויערנדיקער קריזיס, אַ פינאַנציעלער, ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער שלאָגט שטאַרק אין די טירן פון פראַנקרייך.

דער אַרבעטערקלאַס שטייט פאַר נייע שאַרפע שלאַכטן, אַלץ נעענטער צום אַרבעטער גייט דער פויער, דער קליינער מענטשעלע, וועמענס אָנזאַמלונגען אָן יעדער רעוואָלוציע און דעקרעט וועגן קאָנפיסקאַציע האָט צוגענומען די גרויסע בורזשואַזיע.

שאַרפע פאַרביסענע שלאַכטן שטייען פאָר. די בורזשואַזיע גרייט אירע ריין קלאַסנקרעפטן צום פאָרשטייענדיקן גאַסן-שלאַכט.

דער אַרבעטער דאַרף אויך וואָס גיכער מאָביליזירן זיינע אַרמייען.

דערפאַר איז דער לאָזונג—איינהייטלעכער פראָנט, פאַראייניקונג פון די פּראָפאַריינען—אַזוי אַקטועל פאַר פראַנקרייך.

דערפאַר באַקומט טאָקע דער לאָזונג—„אַרבעטער און פויערים-רעגירונג“—אַלץ מער אָנהענגער אין לאַנד...

---

א. וואָלאָברינסקי.

# דער ציאניסטיש-מענשעוויסטישער בלאק.

דער אַמאָליקער ציאָניזם, וואָס האָט באַ אונדז אין פאַרבאַנד איינגאַנצן באַנקראָטירט אַלס בורזשואַזע באַוועגונג, ווייל דער קלאַס, אַף וועלכן ער האָט זיך געשטיצט איז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש צוקלאַפּט, פּרווט זיך איצט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען פון לאַנד און הויבט אָן איבערפאַרבן זיך אין רויט. די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם הענדלער-שיכט, וואָס די נייע סאָציאַליסטישע פאָרמען האָבן אונטערגעריסן זיין עקאָנאָמישן באָדן און וואָס אונדז האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן איינצואָרדענען אים, שאַפט אין די צוטומלטע רייען פון דעמדאָזיקן שיכט אַ באַשטימטן באָדן פאַר דער ציאָניסטישער אידעאָלאָגיע.

מיר האָבן איבערן גאַנצן פאַרבאַנד צוזייט און צושפּרייט עטלעכע ציאָניסטישע גרופּקעלעך, וואָס ווילן מאַכן דעם אָנשטעל פון פּאַרטייען. זיי פּרווון זיך פאַרבלענדן די אויגן פון דעם האַרעפּאַשניק, דערהויפּט פון דער אַרבעטלאָזער יוגנט מיט פאַרשיידענע ניט געשטויגענע ניט געפלויגענע כאַלוימעס, אָפּרייסן זיי דורכדעם פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. אונדזער כויוו איז אופצודעקן דעם גאַנצן ציאָניסטישן שווינדל.

דאָס מאָל באַטראַכטן מיר איין גרופּקעלע זייערע—די ציאָניסטיש-סאָציאַליסטישע „פּאַרטיי“.

---

## צ. ס. פ. (ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

דאָס איז איינע פון די ציאָניסטישע גרופּירונגען באַ אונדז אין פ.ס.ס.ר., וועלכע פּרעטענדירן, ערשטנס (אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע ציאָניסטישע גרופּירונגען), אַף אַ לעפּיערעך באַדייטנדיקער ווירקונג, און צווייטנס, אַף אַן אויסערגעווינטלעכער „לינקייט“. מיר וועלן זיך דעריבער אָפּשטעלן עטוואָס ברייטער אַף דער כאַראַקטעריסטיק פון דערדאָזיקער פּאַרטיי, און פון איר וועלן מיר שוין קענען אַראָפּנעמען אַ מוסער וועגן דעם פּאָליטישן פּאַרצעף פון די איבעריקע ציאָניסטישע גרופּירונגען. מיר וועלן פריער באַטראַכטן די טעאָרעטישע (אַף וויפל מע קאָן אַזוי באַצייכענען) האַנאָכעס פון דערדאָזיקער פּאַרטיי און דערנאָך וועלן מיר איבערגיין צו זייערע פּראַקטישע לאָזונגען.

אַלס אַן אָביעקט פון אַנאַליז וועלן מיר נעמען אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס מע קאָן פאַר קיין פאַל ניט פאַרעכענען פאַר קיין צופעליקן און אומפאַראַנטוואָרטלעכן—דאָס זיינען די אָפיציעלע „פּראָגראַמאַטישע גרונט-האַנאָכעס פון דער ציאָניסטיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פ.ס.ס.ר.“.

אַזוי ווי מיר קלייבן זיך ניט צו ציטירן די גאַנצע פּראָגראַם, ווילן מיר פריער באַקענען די לעזער מיט דעם געבוי פון דער פּראָגראַם, ווייל מיר האַלטן, אַז דער עצעם געבוי פון דער פּראָגראַם איז כאַראַקטעריסטיש און באַלערנד. די פּראָגראַם באַשטייט פון פאָלגנדיקע טיילן: אַלגעמיינער טייל, ספּעציעלער טייל און צום סאָף—פּאַלעסטינע-אָפּטיילונג. אין אַלגעמיינעם טייל ווערט אַרויסגעשטעלט און באַגרינדעט די פאָדערונגען, וואָס האָבן אַ שייכעס צו דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון אונדזער מעלוכע און פּאַרטיי. אין ספּעציעלן טייל געפינען מיר דאָס, וואָס עס איז שייעך נאָר צו דער יידישער באַפעלקערונג פון פ.ס.ס.ר. און די פּאַלעסטינער אָפּטיילונג באַשטייט פון ריין פּאַלעסטינישע פראַגן.

פון דעם עצעם געבוי פון דער פּראָגראַם לערנען מיר:

ערשטנס, אַז די צ.ס.פ. שטעלט אַרויס אַ כויך ריין-ציאָניסטישע פאָדערונגען אויך אַלגעמיין פּאָליטישע. צווייטנס, אַז די צ.ס.פ. שטעלט אַרויס און לייזט אַף איר שטייגער די פראַגע וועגן דעם אָרט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד, דריטנס, אַז די צ.ס.פ. איז אַ פּאַלעסטיניסטישע.

און איצטער גייען מיר אַריבער צו די גרונט-פּרינציפּן זייערע.

## פּראָלעטאַריאַט און אַרבעטנדיקע.

„אַן אומבאַדינגטער טנאַי פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. דאָס אויסקעמפֿן פֿון פּראָלעטאַריאַט אַזאַ פּאָליטישע מאַכט, וועלכע זאָל אים דערלויבן צו דערשטיקן יעדן ווידערשטאַנד פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן. שטעלנדיק פֿאַר זיך אַן אויפֿגאַבע צו מאַכן דעם פּראָלעטאַריאַט פֿעיק אויסצופֿילן זיין גרויסע היסטאָרישע מיסיע, אָרגאַניזירט אים די צווישנפֿעלקערלעכע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּאַרטיי, פֿירט אָן מיט אַלע אַנטפּלעקונגען פֿון זיין קלאַסנקאַמף, דעקט אויף פֿאַר אים די אומפשאָרעסדיקע קעגנזעצלעכקייט פֿון די אינטערעסן פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן און די אינטערעסן פֿון די עקספּלואַטירטע און מאַכט קלאָר פֿאַר אים די היסטאָרישע באַדייטונג און די נויטיקע באַדינגונגען פֿון דער פֿאָרשטייענדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע. צוזאַמען דערמיט מאַכט זי קלאָר פֿאַר דער איבעריקער אַרבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער מאַסע די האָפֿענונגלאָזיקייט פֿון איר לאַגע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט און די נויטווענדיקייט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין די אינטערעסן פֿון איר אייגענער באַפֿרייונג פֿון יאָך פֿון קאַפּיטאַל. די פּאַרטיי פֿון אַרבעטערקלאַס, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, רופֿט אין אירע רייען אַלע שיכטן פֿון דער אַרבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער באַפֿעלקערונג, אַף וויפֿל זיי גייען איבער אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון פּראָלעטאַריאַט".

אַזוי לייענען מיר אין דער פּראָגראַם פֿון אונדזער פּאַרטיי. און די דאָזיקע שורעס פֿון אונדזער פּראָגראַם גיבן איבער די שטעלונג פֿון אונדזער פּאַרטיי, פֿון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, צו דער אויבנדערמאָנטער פֿראַגע.

דער לעניניזם האָט זיך שטענדיק באַצויגן נעגאַטיוו צו דער לינקער פֿראַזעאָלאָגיע, דער לעניניזם האָט שטענדיק באַקעמפֿט די מיקלוימערשטע „רעוואָלוציאָנערקייט", אַז די אַרבעטער-פּאַרטיי דאַרף „אָפּהיטן איר פּראָלעטאַרישע ריינקייט" און זאָרגן בלויז פֿאַר די אינטערעסן פֿון פּראָלעטאַריאַט, ניט לייגנדיק קיין אכט אַף די איבעריקע סאָציאַלע שיכטן און קלאַסן, וואָס לויט זייער טאָך זיינען זיי נאָענט צום פּראָלעטאַריאַט. אזא מין לינקייט האָבן מיר באַצייכנט און באַצייכענען ווי צעכיזם, ווי ניט פֿאַרשטיין און ניט אָפּשאצן די עמעסע ראָל פֿון פּראָלעטאַריאַט, ווי דער פֿירער און באַפֿרייער פֿון אַלע אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע. לענין האָט אפֿילו באַצייכנט דידאָזיקע ארכי-רעוואָלוציאָנערן, ווי מענטשן, „וואָס קוקן מיט דווייקעס אַף דעם הינטער-ביילעק פֿון פּראָלעטאַריאַט און טוען טפֿילע אף אים". די שטעלונג פֿון באָלשעוויזם וועגן בונד מיטן פּויערטום, מיט די אונטערדריקטע קאָלאָניאַלע פֿעלקער זאָגט גענוג איידעס וועגן דעם, ווי באַציט זיך די לענינישע פּאַרטיי צו די איבעריקע שיכטן און קאַטעגאָריעס, וועלכע קענען זיך געפֿינען אונטער דער האַשפּאָע פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אָבער ווען מע רעט וועגן „פֿירן נאָך זיך די איבעריקע האַלב-פּראָלעטאַרישע און אָרעמע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג" דאַרף שטענדיק געפֿרעגט ווערן ווער פֿירט. ווען מיר ריידן וועגן דעם, אַז מיר מוזן זיך קערן מיטן פּאָנים צום דאָרף, דאַרף געשטעלט ווערן די פֿראַגע—ווער קערט זיך?

מיר זאָגן: דער העגעמאָן אין דער רעוואָלוציע און אין דער סאָציאַליסטישער בויונג איז דער פּראָלעטאַריאַט. דאָס פֿירט ער נאָך זיך דאָס פּויערטום. ער פֿירט דאָס נאָך זיך די אַרבעטנדיקע קליינבירגערטום. אונדזער מאַכט רופֿן מיר אָן דעריבער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. עמעס, דיקטאַטור, ווי מיר פֿאַרשטייען עס, באַטייט ניט באַלעבאָס אין קליינבירגערלעכן, באַלעבאַטישן זין פֿון וואָרט. דאָס באַטייט לאַכלוטין ניט, אַז אויב ער, דער פּראָלעטאַריאַט, איז דער באַלעבאָס, דאַרף ער נעמען צו זיך אַלע וואָילקייטן און די איבעריקע גאָרניט לאָזן. פֿאַרקערט, אַזאַ מיין וואָלט באַטייט צעכיזם, וואָלט באַטייט אָפּזאָגן זיך פֿון געדאַנק פֿון דער פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע. דיקטאַטור באַטייט צוגלייך מיט צוואַנג (אין געוויסע פּעריאָדן צו געוויסע שיכטן) אויך אָנפֿירונג.

פֿאַרוואָס איז דער פּראָלעטאַריאַט אַזאַ יאַכסן, פֿאַרוואָס איז ער און בלויז ער דער העגעמאָן אין דער רעוואָלוציע? ניט דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן צום פּראָלעטאַריאַט אַ פּלאַטאָנישע ליבע און ניט ווייל מיר מאַכן פֿון פּראָלעטאַריאַט אַן אָפּגאָט. מיר האָבן שוין געזען, אַז דער לעניניזם איז ווייט פֿון טאָן טפֿילע זיין ליבן נאָמען, דעם פּראָלעטאַריאַט. מיר זאָגן אַזוי דערפֿאַר, ווייל מיר האַלטן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער קויעך, וועלכער איז מעסוגל דורכצופֿירן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע.

דער פּראָלעטאַריאַט איז בעקויעך צו לייזן די פֿראַגע פֿון אַלע אונטערדריקטע און באַפֿרייען זיי. דער באַפֿרייונג-קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט איז איינציטיק דער קאַמף פֿאַר באַפֿרייען אַלע אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע.

קיין אַנדער סאָציאַלער קויעך וועט ניט קענען, זייענדיק איזאָלירט פֿון דעם פּראָלעטאַרישן קאַמף, ברענגען די באַפֿרייונג זיך אַליין אַפֿילע, א פּשיטע די איבעריקע אונטערדריקטע.

קען דאָס אָרעמע און מיטעלע פּויערטום אין זיין קאַמף קעגן דעם פּאָרעץ און באַלעגוף באַפֿרייען זיך אַליין? ניין. די פּראַקטיק האָט אונדז באַוויזן, אַז דאָס איז אומעגלעך. מיר האָבן געזען אין אַ גאַנצער ריי לענדער, ווי פּויערישע פּאַרטייען האָבן געפּרוּווט אַרויסטרעטן אַף דער פּאָליטישער אַרענע זעלבסטשטענדיק און דער סאָף פֿון זיי איז געווען, אַז זיי האָבן געמוזט אָדער אַרונטערפֿאַלן אונטער דער ווירקונג פֿון דער בורזשואַזיע (וויטאָסעס פּויערים-פּאַרטיי אין פּוילן, א. א. וו.) אָדער—זיך אַרומזען, אַז מע מוז צושטיין צום פּראָלעטאַריאַט (סטאַמבוליסקיס פּאַרטיי אין באָלגאַריע נאָכן אויפֿשטאַנד), און אנשליסן זייער גוירל אָן דעם אַלגעמיינעם באַפֿרייונג-קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט.

און אויב דאָס פּויערטום קען אין סאָציאַלן גערAנגל ניט פּרעטענדירן אַף אַ זעלבסטשטענדיקער אנפֿירנדיקער ראָל, איז דאָך שוין אָפּגערעט וועגן די איבעריקע קלענערע אַרבעטנדיקע

ניִט פראָלעטאַרישע שיִכטן. פאַר זיי אַלעמען איִז פאַראַן נאָר איין וועג, וויִ צוּ פאַרענטפערן זייער סאָציִאַלע פראַגן און נויטן — אנשליִסן זיך אַן קאַמף פוּן פראָלעטאַריאַט. דיִ דיִקטאַטוּר פוּן פראָלעטאַריאַט האָט גענוּג בוילעט באַוויזן, אַז דער פראָלעטאַריאַט איִז פעיִק צו לייזן דיִ פראָבלעמען פוּן זיינע שוּתפיִם איִן דער רעוואָלוּציִע און זאָרגן פאַר זיי ניט ווייניקער וויִ פאַר זיִך.

שפּאַלטן דיִ קויכעס, רופן יעדן סאָציִאַלן שיִכט צוּ סעפּעראַטיִזם, צוּ מאַכן שאַבעס פאַר זיִך — דאָס שוואַכט, נאַטיִרלעך, אָפּ דיִ קויכעס פוּן דער רעוואָלוּציִע, דאָס פאַרקלענערט דיִ שאַנסן פוּן ניִצאָכן און דאָס פאַרגרעסערט דיִ שאַנסן פוּן אַ מאַפּאָלע, פוּן אַ דורכפאַל. דאָס וועט זיין אַ קער קעגן דער רעוואָלוּציִע—קאָנטר-רעוואָלוּציִע.

אוּן איִצטער גייען מיִר אריִבער צו דיִ צ. ס. פ.

אָט וואָס מיִר לייענען איִן דעם „טעאָרעטיִשן" טייל פוּן ייער פּראָגראַם:

„דער קלאַס פוּן דיִ אַרבעטנדיִקע נעמט איִן זיִך אַריין פאָלגנדיִקע גרוּפּן (קוּרסיִוו אונדזערער): דעם איִנדוּסטריִעלן פּראָלעטאַריאַט, האַנטווערקעריִשן און לאַנדוויִרטשאַפטלעכן פּראָלעטאַריאַט, פויערים, באַלמעלאָכעס און קוסטאַרן, וועלכע באַנוּצן ניִט קיין פרעמדע אַרבעטער (אַדאַנק נאָך דערפאַר א. וו.), דיִ אַרבעטנדיִקע איִנטעליִגענץ, אויך דיִ דעקלאַסירטע אָרעמקייט".

זאָל דער לעזער ניִט מיינען, אַז מיִר האָבן דאָ געכאַפּט אַ צופעליִקע פראַזע. איִן דער גאַנצער פּראָגראַם איִז אומעטוּם, ווּ עס דאַרף שטיין „ארבעטער", שטייט „אַרבעטנדיִקע". דערדאָזיִקער טערמיִן פאַרבייט אומעטוּם דעם פּראָלעטאַריאַט.

האַקלאַל, דריִנגען מיִר דערפוּן, אַז ערשטנס עקזיִסטיִרט אַף דער וועלט אַ קלאַס „אַרבעטנדיִקע", וועגן וואָס מיִר דאַרפן זיִך מוידע זיין, אַז מיִר האָבן פריִער ניִט געוווּסט. מיִר, זינדיִקע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט דיִ שלעכטע מידע צו לערנען סאָציִאָלאָגיע, באַ מאַרקסן און לעניִנען און ניִט באַ דיִ ציאָניִסטיִשע גאָנים, האָבן שטענדיִק געהאַלטן און פאַרשטאַנען אונטערן וואָרט „ארבעטנדיִקע" אַ קאָנגלאָמעראַט (געמיִש) פוּן קלאַסן און סאָציִאַלע שיִכטן און ניִט איין קלאַס. צווייטנס, דערוויִסן מיִר זיך דאָ אַ צווייטע אַנטפּלעקוּנג, וועלכע איִז פאַר אוּנדז אויך ניִט קיין קלענערע נייס: אַז דער פראָלעטאַריאַט איִז ניִט מער וויִ אַ סאָציִאַלע גרופּע, וועלכע גייט ערשט אַריין איִן באַשטאַנד פוּן „קלאַס פוּן אַרבעטנדיִקע"..

אָרעמער פּראָלעטאַריאַט, צוּ וואָס דוּ ביִזט דערגאַנגען!

אָבער ניִט קעדיי צו פאַרהערן זיִך איִן טוירע, האָבן מיִר דיִדאָזיִקע ציִטאַטע געבראַכט. גיין זוכן מאַרקסיִסטיִשע אויסגעהאַלטנקייט באַ דיִ ציאָניִסטן—איִז פּוּנקט אַזאַ דאַנקבאַרע אופגאַבע, ויִ זוּכן יוישער באַ זייער אויבערקאָמיִסאַר, לאָרד פּלוּמער... מיִר האַלטן, אַז דיִדאָזיִקע האַנאָכע גיִט איִבער דעם איִנהאַלט און דעם מעהוּס פוּן דערדאָזיִקער „פּאַרטיי".

אַלזאָ, אָנשטאָט אַ מאָנאָליִטן איינהייטלעכן פּראָלעטאַריאַט, האָבן מיִר אַ פּיִלפאַרביִקן איירעווראַוועדיִקן קלאַס פוּן דיִ אַרבעטנדיִקע. ווער איִז דאָס דער אָנפיִרער פוּן דיִ אַלע אַרבעטנדיִקע? דיִ צ. ס. פ. זיינען דאָך אַליין מוידע, אַז יעדער סאָציִאַלער שיִכט פיִרט דעם קלאַסנקאַמף אַף זיין שטייגער („דיִ פאַרשיידענע גרופּן וועלכע גייען אַריין איִן דעם קלאַס פוּן דיִ אַרבעטנדיִקע, נעמען אַן אייגנאַרטיקן לויט דער פאָרם און כאַראַקטער אָנטייל איִן דעם אַלגעמיינעם קלאַסנקאַמף" — אויבנדערמאָנטע ציִטאַטע)... וויִפל מיִר זאָלן זיִך ניִט גריבלען, וועלן מיִר קיין אנדער ענטפער ניט געפיִנען, וויִ דער, אַז זאָל יעדער סאָציִאַלער שיִכט פיִרן זיין קאַמף באַזונדער, זאָל יעדער מאַכן שאַבעס פאַר זיִך. איִצט קענען מיִר שוין פאַרשטעלן דעם גרונט פוּן דעם אָנגריִף פוּן זיי קעגן אונדז.

אַ ל ז אָ, ד יִ צ. ס. פ. ז אָ ג ן ז יִ ך אָ פּ א וּ ן ט ר ע ט ן אַ ר ו י ס ק ע ג ן ד ע ר פ ר אָ ל ע ט אַ ר יִ ש ע ר ד יִ ק ט אַ ט וּ ר.

שפּעטער וועלן מיִר פעסטשטעלן איִן נאָמען פוּן וועלכן סאָציִאַלן שיִכט פרוּוון זיי ארויסטרעטן און וועמען רעקאָמענדיִרן זיי עס צוּ אָפּזאָגן זיך פוּן דער פּראָלעטאַריִשער אָנפיִרונג.

דעם זעלביִקן „עמעס" כאַזערט איִבער דיִדאָזיקע פּראָגראַם איִן אַן אַנדער אָרט פוּן דיִ גרוּנט-האַנאָכעס. דריי גרוּנט-האַנאָכעס שטעלן זיי אַרויס און איינע פוּן דיִ גרונטהאַנאָכעס איִז פאָלגנדיִקע (צוּ דיִ איִבעריִקע צוויי וועלן מיִר זיִך אומקערן איִנגיִכן).

„די אנערקענוּנג פוּן אן איינהייטלעכער ברייטער באַזע פאַר דעם יידישן (?) סאָציאַליִזם, ניט קוקנדיִק אף דיִ פארשיידנהייטן פוּן דיִ קלאַסן, וועלכע גיסן זיך צוזאַמען אין פּראָצעס פוּן קאַמף אין אַן איינהייטלעכן קלאַס פוּן ארבעטנדיִקע".

דאָ ווערט איִבערגעכאַזערט דיזעלביִקע טעאָריע, נאָר שוין אין דער יידישער סוּיִווע. אויך דאָ זען מיִר, אז דער טערמין פון פּראָלעטאַריאַט ווערט דאָ פאַרביִטן באַוווּסטזיניק מיטן צוּשוומענעם טערמין „ארבעטנדיקע". אלזא מיר האָבן דאָ וויִדער אן אָפּזאָג פוּן דער העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט. און ווי אויבן געזאָגט, שטעלט מיט זיך פאָר דערדאָזיקער פּוּנקט איינעם פון זייערע „דאָגמען" פוּן זייער קרעדא („אני מאמין").

## „יידיִשער סאָציִאַליִזם".

„און וויִבאַלד אזוי, וויבאַלד דער קלאַסנקאמף האָט ניט קיין איינהייטלעכן אָנפירער, דעם פּראלעטאַריאַט, נאָר יעדער סאָציאַלער שיכט פירט זיך דעם קלאסנקאמף *) אף זיין שטייגער — אָדער ווי זיי דריקן עס אויס אף זייער לאָשן — „נעמען אן אייגנאַרטיקן לויט דער פאָרם און כאראקטער אנטייל אין דעם אלגעמיינעם קלאַסנקאמף, אָפּהענגיק פוּן דער פארשיידנהייט פוּן זייער עקאָנאָמישן מעהוס" — ווי באלד אזוי איז שוין ניט שווער צו „באגריִנדן" זייער נאציאָנאלע „טעאָריע". אויב יעדער מאכט שאבעס פאר זיך, אויב עס קאן געמאָלט זיין א ספּעציעל האנטווערקערישער סאָציאליזם, א ספּעציעלער אינדוסטריעל-פּראלעטארישער סאציאליזם און אַ ספּעציעל-קרעמערישער — פוּן דעם ערשטן ראזריאד סאָציאליזם (זיי זיינען

*) אייגנטלעך, ווען דיִ צ. ס. פ. זאָלן זיין קאָנסעקווענט און קענען לאָגיש דענקען, דאַרפן זיי אויך אָפּשאַפן דעם עצם טערמיִן „קלאַסנקאַמף", ווייל מיִר האָבן בלויז לויט זייער אָריִגינעלער „טעאָריע" אַ גרופּן-קאַמף פוּן באַזונדערע שיִכטן „אַרבעטנדיִקע".

דאָך אויך „ארבעטנדיקע״) — טאָ פֿאַרוואס זאָל ניט קענען גע-מאלט זיין א ספּעציעל-ייִדישער סאָציאַליזם?

לייענען מיר טאקע:

— „די נאציאנאלע באזונדערקייטן פֿון קלאסנקאמף ברענגען צו אייגנארטיקע וועגן און פארמען פון פֿארווירקלעכן דעם סאָציאליזם פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון יעדער נאציע״.

מאמעש געניאל!

ווען זיי ריידן פֿון די אייגנאַרטיקייטן פֿון יעדן סאָציאַלן שיִכט באזונדער, ווערן זיי פֿון דיִדאָזיִקע אייגנארטיקייטן אף אזוי פֿיל ניספאעל, אז צוליִב דעם קענען זיי ניט איינזען קיין איינהייטלעכן קלאסנקאמף פֿון פראלעטאריאט און גיבן אפ יעדער גרופּע א באזונדער ארט. דערפאר, ווען עס קומט צו רייד וועגן „אכיינו בניי ייִסראעל״, דא ווערן אלע אייגנארטיִקייטן אפגעוויִשט און אלע ייִדיִשע „ארבעטנדיִקע״ פֿון אלע עקן וועלט באקומען איין פאנים. און דא באקומען מיִר דעם צווייטן „איקער״ פֿון זייער „אני מאמין״:

— „די אנערקענונג פֿון דער איינהייטלעכער באפֿרייונג-באוועגונג, די איינהייטלעכקייט פֿון דעם נאַציאָנאַלן קלאַסנקאַמף״.

אלס קאמענטאריע בעט זיִך צוגעבן: „כל יִשראל חבריִם ונאמר אמן״!

דער דריִטער איִקער שטעלט פֿון זיִך פֿאָר שוין א מעכאניִש-איִבערגעכאזערטע פֿאָרמול פֿון די עסערן אלייהעם האשאָלעם און איִז אָנגעשמעקט מיִט עטוואָס „אויסלענדערשעס״ פֿון דעם מין מאקדאָנאלדישן סאָציאליזם, וועלכער שטערט ניִט דעם פֿירער זיינעם, מאקדאָנאלדן צו זיין א דעלעגאַט אף א קירכע-צוזאַמענ-פֿאר.

„די פֿאַרייניִקונג פֿון קאָנסטרוקטיִווע און רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן פֿון קלאַסנקאַמף ביִקלאַל און איִן צוזאַמענהאַנג מיִט די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיִקע״.

ווען, וואָס, וועמען? איִן דער **קאַפּיִטאַליִסטיִשער** געזעלשאפֿט, באַטייט דאָס ניִט קלאַסנקאַמף, נאָר **קלאַסן-מיִטאַרבעטערשאַפֿט**. אַזוי איִז דאָס, און אויב פֿאַר זיי, איִז דאָס ניִט קלאָר, באַטייט דאָס בלויז, אַז זיי פֿאַרשטייען אַליין ניִט די פֿאָרמול, וועלכע זיי האבן איִבערגעכאַזערט. סאַי די עסערן און סאַי די קאַנסטרוקטיִוויִסטן, בא וועמען זיי האָבן זייער פֿאָרמול איִבערגעכאַזערט, וועלן זיי אָפֿיִציעל **דערקלערן**, אַז זיינען קעגן דער „שעדלעכער מאַרקסיִסטיִשער טעאָריע פֿון קלאַסנקאַמף״ און אַז סאָציאַליִזם קען געבויט ווערן דורך דער „ראַציאָנעלער״ מיִטאַרבעטערשאַפֿט פֿון אַלע „שיִכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג״. זאָלן זיי האָבן די דרייסטקייט צוזאמען מיִט מאַק-דאָנאַלדן, דעם געוועזענעם אויבער-אויבערקאָמיִסאַר פֿון זייער פּאַלעסטיִנע, צו זאָגן, אַז זיי האַלטן די טעאָריע פֿון קלאַסנקאַמף פֿאַר אַ שעדלעכער...

וואָס ס׳איִז שאַיעך איִן דער עפּאָכע נאָך דער רעוואָלו-ציע, איִן די לענדער, ווו זי איִז פֿאָרגעקומען, איִז דאָרטן (איִן פֿאַרבאַנד פֿון די סאָוועטיִשע רעפּובליִקן) ריידן מיר וועגן סאָ-ציאַליִסטיִשער בויונג. בויען די סאָציאַליִסטיִשע וויִרטשאַפֿט איִז איינער און דער הויפּט מעטאָד און כויוו פֿון רעוואָלוציע. וועמען איִז דאָס ניִט באַוווּסט, אַז קעמפֿער און בויער—ביידע זאַכן—קענען מיִר זיין נאָר דענסטמאָל, ווען מיִר האַלטן די וויִרטשאַפֿט פֿאַר אונדזערע, ד. ה. נאָך דער סאָציאַליִסטיִשער רעוואָלוציע, זאָל זיין איִן איין לאַנד. אויב איִן אַ קאַפּיִטאַליִסטיִשער עקאָנאָמיִק זאָלן מיִר זיין בויער, וועט דאָס באַטייטן, אַז מיִר האַלטן די **קאַפּיִטאַליִסטיִשע וויִרטשאַפֿט פֿאַר אונדזערע**. אָט אַזעלכע זיינען זיי, ווען זיי גיִבן זיִך אָן איִן דער איִצטיִקער פּאַלעסטיִנע פֿאַר בויער פֿון דער פֿאָלקוויִרטשאפֿט, האַגאַם יענע, אַף וויִפֿל זי איִז שאַיעך צו ייִדן, איִז זי אַ ריין קאַפּיִטאַליִסטיִשע (באַ ניִט ייִדן איִז זי אויך אַפּעאָדאַלע). אָט דאָס הייסט פֿאַרוויִרקלעכן אַף דער **פּראַקטיִק די מיִטאַרבעטערשאַפֿט פֿון קלאַסן**! איִן פּאַלעסטיִנע איִז עס פּראַקטיִק, און אויסער פּאַלעסטיִנע איִז עס טעאָריע, וועלכע ברענגט דערצו, אַז איִן קלאַסנקאַמף פֿאַרנעמען זיי אַ פּאָזיִציע, אַ פֿאַרקערטע צום פּראָלעטאַריאַט.

נאָר לאָמיִר ניִט פֿאַרלויפֿן דעם וועג פֿאָרויס.

„ייִדיִשער סאָציאַליִזם״ און קלאַסן-מיִטאַרבעטערשאַפֿט—פֿון די פּריִנציִפּן איִז מעגלעך צו בויען „די באַגריִנדונג״ פֿון פּאַלע-סטיִניִזם.

אָט ווי איִן דער פּראָגראַם ווערט „באַגריִנדעט״ דער פּאַ-לעסטיִניִזם.

„קעדיי צו דערלייזן די לעצטע פּראָבלעמען, מוז זיִך די עמיִגראַציע פֿאַרוואַנדלען פֿון אַ פּראָצעס פֿון צושפּרייטן דעם דעקלאַסיִרטן ייִדנטום (ייִדנטום—און קלאַסנקאַמף! **א. וו.**) איִן אַ פּראָצעס פֿון קאָנצענטריִרן זיִך אף א באַשטיִמטער טעריִטאָריע, קעדיי צו שאפֿן א ייִדיִשע קאָמפּאַקטע מערהייט, ד. ה. קעדיי צו שאַפֿן א טעריִטאָריעלן צענטער״.

פֿאַרוואָס זאָל דערדאָזיִקער צענטער זיין דאַווקע פּאַלעסטיִנע און ניִט קיין אנדערע לענדער? אף דער פֿראגע באַקומען מיִר דעם סקאַרבאָוון ציאָניסטיִשן טערעץ, אז „די קאָלאָניִזאציע פֿון דעם לאַנד ווערט פֿאַרגריִנגערט מיִט דעם צוזאַמענבונד, וועלכער עק-זיִסטיִרט צוויִשן די ייִדיִשע מאסן מיִט פּאַלעסטיִנע״.

מיִר לאָזן איִנגאנצן איִבער די פֿראגע, **וועלכע** שטיִ-מונגען—קאָנסערוואטיִווע אָדער פּראָגרעסיִווע (מיִר וויִלן ניִט שרעקן מיִטן נאָמען „רעוואָלוציאָנערע״)—שפּייזן אָט דעמדאָזיִקן צוזאמענבונד. מיִר לאָזן איִבער דעם מאָמענט, האַגאם מיִר האלטן איִם פֿאַר א גאנץ וויִכטיִקן. מיִר וויִלן זיִך אָפּשטעלן אף אן אנ-דער מאָמענט: ציִ קען פּאלעסטיִנע לייזן—ווי זיי דריִקן זיִך אויס—די ייִדיִשע פֿראגע? ציִ קען פּאלעסטיִנע ארייננעמען איִן זיִך גרויסע באטייטנדיִקע קאָמפּאקטע מאסן פֿון דער ייִדיִשער באַפֿעל-קערונג, שוין ניִט ריידנדיִק וועגן דעם, ציִ וועלן דיִדאָזיִקע „קאָמ-פּאקטע מאסן״ איִן פּאלעסטיִנע האבן וואָס צו עסן און וואָס צו טאָן אכוץ ספּעקוליִרן מיִט מיִגראָשיִם און פּארדייסיִם און ציִ קען אף די געלטער פֿון די ייִדיִשע לאָרדן געשאפֿן ווערן א „סאָציא-ליִסטיִשע״ געזעלשאפֿט? מיִר וואָלטן זיִך וועגן דיִדאָזיִקע אלע פֿראגן געשפּאַרט און דערוויִזן זייער אומעגלעכקייט. מיִר האלטן דאָס אָבער פֿאר איִבעריִק, ווייל אף דער גרונטפֿראגע—ציִ קען פּאלעסטיִנע לייזן די ייִדיִשע פֿראגע—ענטפֿערן די צ.ס.פּ. אליין—

נ יי ן! די איבעריקע פֿראגן פֿאלן שוין מעמיילע אָפּ. אָט ליגט פֿאר אונדז א בראָשור „די אגראריזאציע אין ס.ס.ס.ר. און פֿאלעסטיניזם" אויסגאבע פֿון צענטראלקאָמיטעט פֿון צ.ס.פּ.—א דאָקומענט ווידער אַן אווטאָריטעטער. וואָס די צ.ס.פּ. וועלן ניט קענען זאָגן, אז מיר גיבן איבער זייער שטאנדפּונקט אפֿן סמאך פֿון ניט אווטאָריטעטע פֿאר זיי דאָקומענטן. אין דערדאָזיקער בראָשור לייענען מיר, אַז פּאַלעסטינע וועט ניט קענען אַריינעמען אין זיך דעם גרעסטן טייל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג, וואָס דאַרף פּראָדוקטיוויזירט ווערן. אַ כוץ און אויסער פּאַלעסטינע וועלן אויך אין די לענדער פֿון „גאָלעס" דאַרפֿן אָרגאַניזירט ווערן יידישע קיבוצים מיט קאמפּאקטע יידישע מאַסן. דערגרייכט ווערן וועט דאָס אָט ווי אַזוי: וועגן סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן, און וואָס איז שאַיעך די איבעריקע לענדער, קומט אויס לויט זייער טעאָריע, אַז די אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם וועט וואָס ווייטער ברענגען אַלץ מער צו דער דעמאָקראַטיזאַציע פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט, און דאָס וועט זיין דער איבערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם (און ווו איז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע? איז דער טערעץ, אַז איר דאַרף מען טאַקע ניט האָבן), איז אָט, ווען גאָט וועט העלפֿן, און דער קאפּיטאליזם וועט „פֿון זיך" ווערן דעמאָקראַטיזירט און ס'וועט קומען די קעניגרייך פֿון יוישער—דענסטמאָל וועט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געלייזט ווערן די יידישע פֿראַגע. עס וועלן געשאַפֿן ווערן קאמפּאקטע יידישע יישוווים.

זיינען מיר מויכל די אַרכי-מענשעוויסטישע טעאָריע, אַז פֿון זיך וועט דער קאַפּיטאַליזם איבערגיין צום סאָציאַליזם, און אַז פֿון זיך וועט דער קאַפּיטאַליזם דעמאָקראַטיזירט ווערן. דאָס אַלץ זיינען מיר מויכל, אָבער איין קאַשע ווילן מיר פֿרעגן: אויב עסן עסט מען די קניידלעך, און געלייזט ווערט די פֿראַגע פֿון זיי—טאָ צו וואָס דאַרף מען די האַגאָדע—פּאַלעסטינע?

עמעס, פּאַלעסטינע וועט לויט זייערע מאַטעמאַטישע כעשבוינעס פֿון לייבוש באַל-כאַקרענ'ס כיידער אויך אַריינעמען אַ 500 טויזנט יידן. אָבער יידן זיינען דאָך פֿאַראַן ניט קיין האַלבער מיליאָן, נאָר 14 מיליאָן—איז מאַנאַפֿשעך, וואָס עס וועט זיין מיט די 14, וועט זיין מיט דעם האַלבן מיליאָן? אַז עס וועט קומען די גאולע-שליימע, דער קאַפּיטאַליזם וועט דעמאָקראַטיזירט ווערן, און די יידן-פֿראַגע וועט דערלייזט ווערן, וועט מען זיך שוין אַן אייצע געבן מיט נאָך אַ האַלבן מיליאָן אויך. צוליב דעם דאַרף מען דאָס האָבן אַ ספּעציעלע פּראָגראַם, אַ ספּעציעלע פּאַרטיי? ענטפֿערט מען דערויף אַזוי צו זאָגן:

העיוים אַזוי ווי די יידישע קיבוצים אין גאָלעס וועלן ניט קענען אַיינהיטן זייער נאַציאָנאַלן אויסזען און וועלן זיך מוזן אַסימילירן—דעריבער איז נויטיק, אַכוץ די פֿאַרשיידענע קאָנצענטרירטע יידישע קאָמפּאַקטע יישוווים אין פֿאַרשיידענע לענדער, עס זאָל אויך זיין אַזאַ אין פּאַלעסטינע, ווייל דאָס וועט געבן די מעגלעכקייט צו אָפּהיטן דעם יידישן גייסט. האַקלאַל, מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך דעם אַלטן אַכאַד-האָאָמיזם אין אַ נייער פֿאָרמאַציע. די נאַפֿקעמינע איז מער ניט די, וואָס „אַכאַד-האָאָם" האָט ניט געגלויבט דערויף, אַז עס איז מעגלעך צו לייזן די יידישע פֿראַגע אין די לענדער פֿון „גאָלעס", האָט ער געבעטן כאָטש אַ יעשיווע מיט דעם „יידישן גייסט". צו וואָס דאַרפֿן די האָבן אַזאַ יעשיווע—דאָס בלייבט אומפֿאַרשטענדלעך.

אַ ספּעציעלע פּאַלעסטינע, צוליב וועלכער מע דאַרף גיין אַף „ספּעציעלע" האַנאָכעס דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, צוליב וועלכער מע דאַרף „ספּעציעל" אַראָפּטרייבן די אַראַבער פֿון זייער ערד, צוליב וואָס עס ווערט ספּעציעל געטריבן אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע און אַלץ צוליב דעם, קעדיי עס זאָל זיין אָפּגעהיט דער יידישער גייסט. וואָלט עס נאָך גערעט אַ פֿאַרצייטיקער ראָוו, וואָלט עס נאָך געווען ווי עס איז צו פֿאַרשטיין, אָבער ווען דאָס ריידן „היינטיקע" יונגע לייט, וועלכע שיטן מיט מאַרקסן און סאָציאַליזם—ווערט א ביסל פּריקרע.

זאָל נאָר יעדער געדענקען. טעאָרעטיש איז ניט אויסגעשלאָסן לויט זייערע רייד, אז אין אַ סאָוועטנפֿאַרבאַנד זאָל געלייזט ווערן די יידישע פֿראַגע, די יידן זאָלן פּרודוקטיוויזירט ווערן א. א. וו. נאָר וואָס דען? די האַשפּאָע פֿון די „גאָאָנים" וועט דאָ זיין צו גרויס און מע קען ניט וויסן וואָס מיטן יידישן טשאָלנט וועט געשען. אָט דאָס גאָר? טאָ צו וואָס שרייען „נידער מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" וואָס זיי טוען. איצטער קענען מיר אונטערפֿירן אַ שטיקל סאַכאַקל פֿון די „טעאָרעטישע" יעסוידעס פֿון די צ.ס.פּ.

ע ר ש ט נ ס—עס דאַרף ניט זיין די העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַריאַט. אָנשטאָט „פּראָלעטאַריאַט, וועלכער פֿירט נאָך זיך די איבעריקע אַרבעטנדיקע" ווערט אַרויסגעשטעלט „אַרבעט-דעמאָקראַטיע", ד. ה. אז פֿאַקטיש וועלן מיט די איבעריקע אַרבעטנדיקע שיכטן אָנפֿירן אַנדערע בורזשואזע גרופּירונגען. די טעאָריע פֿון די צ.ס.פּ. אין דעמדאָזיקן פּראַט שטעלט פֿון זיך פֿאָר אַ מערידע קעגן דער העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַריאַט.

צ ווי י ט נ ט—אַז יעדער סאָציאַלער שיכט פֿירט סעפּאַראַט זיין „באַפֿרייונג-קאַמף" קעגן דעם קאַפּיטאַליזם. מעמיילע איז מעגלעך, אַז יעדע נאַציע זאָל אויך פֿירן באַזונדער דעמדאָזיקן קאַמף. פֿון דאַנען דרינגט אַרויס דער טערמין „יידישער סאָציאַליזם".

ד ר י ט נ ס—דער וועג צום סאָציאַליזם קען גיין אויך דורך קלאַסן-מיטאַרבעטערשאַפֿט. די העכערע מענטשלעכע געזעלשאַפֿט איז א זאַך ניט נאָר פֿון קאַמף, נאָר אויך פֿון געמיינזאַמען בויען, בעשוטפֿעס מיט אַלע ערלעכע בירגער. פֿון דאַנעט דרינגט אַרויס, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אויפֿגאַבן, וואָס אַלע קלאַסן זיינען אין זיי גלייך פֿאַראינטערעסירט.

פֿ ע ר ט נ ס—קעדיי יידן זאָלן קענען האָבן „זייער" סאָציאַליזם, איז נויטיק א קאָנצענטראַציע פֿון די יידישע קאָמפּאַקטע מאַסן.

פֿ י נ פֿ ט נ ס—דידאָזיקע קאָנצענטראַציע וועט דערלייזט ווערן אין די לענדער, ווו די יידן וואָינען. דערלייזט וועט ווערן די אויפֿגאַבע, ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט בעהאַדראָגעדיק דעמאָקראַטיזירט ווערן. עס וועט אַף אזאַ אויפֿן זיין—בא דער לעצטער מאַדרייגע פֿון דער דעמאָקראַטיזאַציע פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט, באַם סאָציאַליזם, אַ גאַנצע ריי „יידישע סאָציאַליזמען".

ז ע ק ס ט נ ס.—קעדיי די יידישע קיבוצים אין גאָלעס זאָלן ניט אַסימילירט ווערן, איז נויטיק, אַז, אַכוץ די קאָמפּאַקטע יידישע יישובים אין אַ ריי לענדער, זאָל נאָך זיין אַ יידישער צענטער אין פּאַלעסטינע, וועלכער וועט דאַרפן אָפּהיטן די נאַציאָנאַלע ריינקייט פון אלע יידישע קיבוצים.

וואָס האבן מיר דאָ? אַ צונויפמיש פון מענשעוויזם, קאָנסטרוקטיוויזם, עסעריזם און עטוואָס „אייגענע" סאָציאָלאָגיע. וועגן דעם, אַז דידאָזיקע טעאָריע איז אין גרונט סויסער די עלעמענטאַרסטע עמעסן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם—וועגן דעם קען גאָר קיין וואָרט ניט זיין. מיר גלויבן, אז עס זיינען דאָ ניט ווייניק פאַרפירטע מיטגלידער אין דערדאָזיקער פּאַרטיי, וועלכע ווייסן ניט פאַרוואָס איז דידאָזיקע פּאַרטיי אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע. ראַטן מיר זיי אויפמערקזאַם איבערלייענען די עטלעכע שורעס, ווי אויך „זייער" פּראָגראַם. אויב מע באַהאלט איר ניט פאַר זיי, וועלן זיי זיך גיך איבערצייגן, אַז וואָס די מענשעוויקעס האָבן שוין לאַנג געוואָרפן, דאָס קייען זיי איצטער.

## פּראַקטישע לאָזונגען.

און איצטער לאָמיר איבערגיין צו זייערע פּראַקטישע לאָזונגען.

אין דער אויבנציטירטער פּראָגראַם לייענען מיר: „רעכענענדיק, אז באַ היינטיקן טאָג ווערן די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע מער אָדער ווייניקער פאַרניכטעט און צובראָכן איבער דעם רעושים פון דער דיקטאַטור פון ר. ק. פּ., פאָדערט די צ. ס. פאַרטיי ארבעט-דעמאָקראַטיע".

לייענען מיר איבער דידאָזיקע שורעס, ווערט פאַר אונדז גלייך קלאָר מיט וועמען מיר האבן דאָ צו טאָן. די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע ווערן צובראָכן פון דער דיקטאַטור פון דער ר.ק.פּ.—דאָס זיינען טיפּישע מענשעוויסטישע טאַינעס, וואָס עס איז גאָר אַ שאָד די טינטע צו גיין דאָס דערוויין. עס איז, אַגעוו, קעדאַי צו אָנמערקן, אז נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק איז דער מאנעוור פון די ציאָניסטן אין סאוועטנפאַרבאנד באַשטאַנען אין דעם, אז צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ווי צו אַזעלכער, האָבן זיי גאָרניט, אַז זייערע גאַנצע טאַינעס האָבן זיי נאָר צו דער יידסעקציע. איצטער קענען מיר קאָנסטאַטירן, אַז די מאַסקע איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, און די צ.ס.פּ. דערקלערט שוין אָפן און ווייזט בוילעט איר אַנטיקאָמוניסטישן קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן פאַרצעף.

נאָר לאָמיר איבערגיין ווייטער צו זייערע פאָדערונגען און וואָס ווייטער וועלן מיר זיך אַלץ מער איבערצייגן אין דעם מענשעוויסטישן כאַראַקטער זייערן. זיי פאָדערן, ווי מיר האָבן געזען, „אַרבעט-דעמאָקראַטיע"—לאָמיר א קוק געבן וואָס באטייט עס אף זייער לאָשן, אין וואָס דאַרף זיך עס אויסדריקן:

„אין דער פרייהייט פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטנדיקע—לעגאַליזירונג פון אלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע שטייען אַף דער פּלאַטפאָרם פון סאָוועטנמאַכט".

דאָס זעלביקע זעען מיר אויך אין זייערע פאָדערונגען אין געביט פון מעלוכעסיסטעם:—קעגן צענטראַליזם און פאַר אָפּשוואַכן די פּאַרטעישע אָנפירונג מיט אונדזער מעלוכע, „געהיימע אָפּשטימונג אין אלע מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַנען" און „פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אלע מעלוכישע און געזעלשאפטלעכע אָרגאַנען ניט נאָר פאַר די העכערע אַרגאַנען, נאָר אויך פאַר די ווילער". די עצעם פאָדערונג פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אויסגעווילטע פערזאָנען פאַר זייערע ווילער איז אזאַ, אז אומזיסט האָבן דאָס די מעכאַברים באדאַרפט אַריינשטעלן אין אן אומלעגאַלער אויסגאַבע. דערדאָזיקער „געפערלעכער" פונקט איז פאַראַן אין אונדזער קאָנסטיטוציע. וועגן וואָס די מעכאַברים ווייסן באַשטימט.

קלאָר, אַז ניט קעדיי צו איבערכאַזערן אונדזער קאָנסטיטוציע—ניט מיט דעם צוועק האָבן די ציאָניסטן אַריינגעשטעלט אין זייער פּראָגראַם דעם פונקט וועגן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אויסגעווילטע סאָוועטישע אָרגאַנען פאַר זייערע ווילער. די „ראָזשינקע"—אַזוי צו זאָגן—פון דעמדאָזיקן פונקט ליגט אין דער צווייטער העלפט פון דער פאָדערונג—„ניט נאָר פאַר די העכערע אָרגאַנען". דער מיין איז צו ד ע צ ע נ ט ר אַ ל י ז י ר ן דעם סאָוועטן-אַפּאַראַט, דעזאָרגאַניזירן די גאַנצע סיסטעם פון דער סאָוועטנמאַכט, אונטעררייסן דעם קאָנטאַקט פון איין טייל מיטן צווייטן. די ציאָניסטישע קליינבירגערלעכע האַסאָגע וועגן דעמאָקראַטיע פאַרטראָגט, אַז דעמאָקראַטיע דאַרף זיין אַזוי, אַז איין האַנט זאָל ניט וויסן פון דער צווייטער, אַז יעדער זאָל זיין באַלעבאָס פאַר זיך, אַזאַ פאָרשטעלונג איז נאַטירלעך אַ ריין אַנאַרכיסטישע. דעמאָקראַטיע שליסט קלאַל ניט אויס אָנפירונג, שליסט ניט אויס, אַז דער טייל זאָל זיך אונטערוואַרפן דעם גאַנצן. דער ווילן פון קלאַס שטייט נאַטירלעך העכער, ווי דער ווילן פון אַ באַזונדער הייפעלע. דער קלאַל איז שטענדיק העכער ווי דער פּראַט.

ווי אַ מאַנעוור באַטייט דערדאָזיקער פונקט אַ פּרווו צו אַרונטעררייסן דעם אָנפירנדיקן מאָמענט אין אונדזער סאָוועטן-בויונג און צו באַקעמפן די אָנפירונג פון דער קאָמפּאַרטיי מיט אונדזער מעלוכע-בויונג. אַף מאַמע לאָשן וועט אַזאַ פונקט באַטייטן דעריבער „סאָוועטן אָן קאָמוניסטן"—דערזעלביקער לאָזונג, וואָס עס האָט געוואָרפן די רוסלענדישע קאָנטער-רעוואָלוציע בייס דעם קראָנשטאַטער בונט. דעמזעלביקן כיין האָט דער לאָזונג „זאָל לעבן די עמעסע (доподлинная) סאָוועטנמאַכט"—וועלכן מיר געפינען אין איינע פון די פּראָקלאָמאַציעס פון די צ. ס. פּ. אויב מע רעט וועגן „עמעסע" (доподлинная) סאָוועטנמאַכט איז, אַפּאָנים, אַז די איצטיקע איז ניט קיין עמעסע, נאָר אַ געפעלשטע. מיט וואָס איז זי געפעלשט? אַף דעם איז זיך ניט שווער אָנצושטויסן, ווייל די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פירט אָן מיט דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אָט ווען מע זאָל געבן די צ. ס. פּ. און זייערע מענשעוויסטישע כאַווירים, ווען מע זאָל זיי געבן די אָנפירונג איבער דער מעלוכע—דענסטמאָל וועט דאָס זיין עמעסע און ריכטיקע. עס לוינט נאָר צו דערמאָנען, אַז אַזאַ „אָנהענגער" פון דער סאָוועטנמאַכט איז געווען בעשאיטע מיליוקאָוו... די קאָנטער-רעוואָליוציע מוז באַ די איצטיקע באַדינגונגען זיין „אָפּאָרטוניסטיש" און פאָרלייגן איר פּלאַטפאָרם סטאַדיענווייז: פריער „סאָוועטן אָן קאָמוניסטן", דערנאָך „ריינע דעמאָקראַטיע" דאָס הייסט גרינדונג-

פאַרזאַמלונג, דערנאָך—אָפענע און בוילעטע דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע.

און איצטער לאָמיר איבערגיין צו די „יידישע" פאָדערונגען. נעמען מיר די פראָגראַם, לייענען מיר:

„אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטנדיקע אין אַן אַרבעט-נאַציאָנאַל-פערסאָנעלער אַווטאָנאָמיע, וועלכע זאָל זיין געבויט אַלס אַ סיסטעם פון יידישע אַרבעטראַטן, צוזאַמענפאָרן פון די ראַטן און פערמאַנענטע (שטענדיקע) אויספירנדיקע און געזעצגעבעדישע אָרגאַנען".

און מאַכמעס דער ציאָניסטישער יידיש האָט דעם כיין פון זייער מוטער שפראַך-איבריט, וואָס ניט זיי אַליין פאַרשטייען און ניט די מוטער פאַרשטייט—נעמען מיר אַף זיך די טירכע צו איבערזעצן דעמדאָזיקן פונקט אַף ריין יידיש.

הייסט עס יידישע נאַציאָנאַלע סאָוועטן—דאָס וואָס מיר טוען—דאָס טויג ניט. אונדזערע נאַציאָנאַלע דאָרפישע און שטעטלדיקע סאָוועטן זיינען דאָך אויסן מער ניט, ווי בעסער באַדינען די אָרטיקע באַפעלקערונג אַף איר מוטער-שפראַך און דערנענטערן דעם סאָוועטישן אַפאַראַט צו דער באַפעלקערונג. אַזעלכע מאָטיוון זיינען אָבער „צו שמאָל". שטעלן אַרויס די ציאָניסטן, אַז אַכוץ די נאַציאָנאַלע סאָוועטן דאַרפן נאָך זיין צוזאַמענפאָרן פון די יידישע סאָוועטן. און דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן זאָלן אויסטיילן שטענדיקע אויספירונג-אָרגאַנען. אַזוי, אַז דער אוזדער, אַ שטייגער, יידישער נאַציאָנאַלער סאָוועט וועט זיך אונטערוואַרפן ניט דעם מינסקער קרייז-קאָמיטעט, נאָר דעם צוזאַמענפאָר פון די יידישע סאָוועטן פון עטלעכע קרייזן. דער צוזאַמענפאָר פון אַלע יידישע סאָוועטן וועט אויסטיילן אַן אַלפאַרבאַנדישן אויספיר-קאָמיטעט—אַ יידישן ציק—און ער וועט דאָס זיין דער העכסטער אָרגאַן איבער אַלע יידן.

אָט דאָס איז אַן ערעך זייער פלאַן. דאָס איז אַף דער לינקער זייט דער אַלטער „קראָמע יעווריעיעוו". אַלע בירגער פון סאָוועטן-פאַרבאַנד זיינען בירגער פון די רעפובליקן, ווו זיי וואָינען, און בירגער פון סאָוועטישן פאַרבאַנד. יידן אָבער טאָרן קיין בירגער ניט זיין, זיי דאַרפן זיך אויסטיילן פון אַלעמען, שאַפן אַן אייגענע „מעלוכע אין אַ מעלוכע", זיין בירגער פון דעם יידישן „ציק".

ווער עס איז עטוואָס כאָטש באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע אין מיטלאַלטער, ווען אַף יעדן יידישן סייפער פלעגט זיין אָפגעדרוקט „תחת ממשלת הדופס הרוזן" אין יענע יאָרן פלעגן די יידישע פניי אויסנעמען באַם דוקעס „פריווילעגיעס". פאַר אַ געוויסער מאַטבייע פלעגט די יידישע באַפעלקערונג איבערגיין אין רעשוס פון דער יידישער קעהילע, וועלכע פלעגט שוין אַף איר שטייגער טאָן געוועלטיקן איבער דער יידישער איידע. זי האָט געהאַט איר אייגענע „נאַציאָנאַלע" קוזע, אירע אייגענע „טאַקאָנעס" און אירע אייגענע שאַמאָסים מיט די קאַנטשיקעס און אירע אייגענע געריכטן מיט די שוואַרצע כופעס אוכדוימע. די אַלגעמיינע מאַכט האָט שוין מיט דער יידישער באַפעלקערונג ניט געהאַט וואָס צו טאָן. די יידן זיינען שוין איבערגעגאַנגען אין רעשוס פון דער קעהילע קדוישע.

איז ווער עס איז באַקאַנט מיט דידאָזיקע „פריווילעגיעס"—יענער וועט גלייך דערהערן דעמדאָזיקן רייעך פון דער פראָגראַם.

און זאָל מען ניט מיינען, אַז דער צוזאַמענפאָר פון די יידישע ראַטן וועט האָבן צו טאָן נאָר מיט די נאַציאָנאַלע סאָוועטן. ניין, די יידישע „אַווטאָנאָמיע וועט דאַרפן אַרומנעמען און זיין דער באַלעבאָס איבער אַלע יידן. עמעס אין דער „פראָגראַם" אַליין געפינען מיר דאָס ניט אויסגעטייטשט, נעמען מיר אָבער אַן אַנדער „שולכן ארוך" געפינען מיר שוין דעמדאָזיקן איניען אָפגעפאַסקנט אין אַלע פיטשעווקעס מיט אַלע טאַריאַג דינים פון דער יידישער אַווטאָנאָמיע. מיר מיינען דאָ דעם „אָנזאָג צו די וואַלן אין די סאָוועטן" אויסגאַבע פון צ. ק. פון די צ. ס. פ.

דאָרטן ווערט געזאָגט:

„אין די ערטער, ווו די יידישע באַפעלקערונג שטעלט פון זיך פאָר אַ קאָמפאַקטע מינדערהייט, דאַרף באַם סאָוועט אָרגאַניזירט ווערן אַ יידישע סעקציע (וועגן די נאַציאָנאַלע קאָמיסיעס, וועלכע עקזיסטירן באַ די קרייזאויספירקאָמען ווערט דיפלאָמאַטיש פאַרשוויגן א. וו.) דידאָזיקע סעקציעס דאַרפן זיין געבונדן מיט די יידישע סאָוועטן און איבעריקע יידישע סעקציעס אין אַ נאַציאָנאַל פערסאָנעלער אַווטאָנאָמיע".

אָט אַזוי ווערט אונטערן שלייער פון סאָוועטנמאַכט געוואָרפן דער אַרכי-רעאַקציאָנערער לאָזונג פון „ועד ארבע ארצות". אונטערן שלייער פון בירגערשאַפט ווערט דורכגעפירט דער געדאַנק, אַז יידן זיינען ניט קיין בירגער פון סאָוועטנלאַנד און דאַרפן זיך אָפצאַמען אין זייערע קעהילעס, האַמכונע „ציק".

ווער וויס, צי דער יידישער „ציק" וועט נאָך ניט זעצן אין קאָזע פאַר מעכאַלעל שאַבעס זיין בעפאַרעסיע... אָט זיצן דאָך די ציאָניסטן אין וואַרשע אין קעהילע „תחת ממשלת" פון די אגודישע ראַבאָנים און זאָגן, אַז די אינטערעסן פון דער רעליגיע דאַרפן אָפגעהיט ווערן, צי אין פאַלעסטינע באַשטראָפט מען דאָך טאַקע פאַר עפנטלעך מעכאַלעל שאַבעס זיין, ווי פאַר שטערן די עפנטלעכע רו... קיין איבעריקע פראָטעסטן פון די „סאָציאַליסטישע" צ. ס. פ. האָבן מיר עפעס ניט געהערט. מיר וויסן בלויז, אַז זייערע כאַווייריםאויך „סאָציאַליסטן" צעאירע ציאָן" האָבן אין זייערע פראָקלאָמאַציעס געשריען: נידער מיט דער ראַטנמאַכט, ווייל די ראַטנמאַכט... פאַרמאַכט די כאַדאָרים און מע האַלט זונטיק אָפן די קראָמען...

אונדזער סאָוועטן-סיסטעם איז געבויט—און אַנדערש קען ניט זיין—אַף דעם טעריטאָריעלן פרינציפ. די מלוכע-אָרגאַנען אין יעדן פון די לענדער, וואָס גייען אריין אין באַשטאַנד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, באַדינען די באַפעלקערונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין דעמדאָזיקן לאַנד.

דער צענטראַלער אויספירקאָמיטעט אין ר.ס.פ.ס.ר. שטעלט פון זיך פאָר דעם מעלוכע-ווילן ניט פון די רוסישע אַרבעטער, נאָר פון אַלע אַרבעטער, וואָס באַוואוינען ר.ס.פ.ס.ר. דאָסזעלביקע איז אין אוקראַינע, אין ווייסרוסלאַנד א. א. וו. ווילן די ציאָניסטן אַז באַ יידן זאָל זיין אַנדערש. יידן זאָלן האָבן אַן צייגענעם מעלוכע-אָרגאַן. זאָלן נאָר די ציאָניסטן זיין קאָנסעקווענט, וועלן זיי

זען, צו וואָס דאָס וועט ברענגען. בײַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד, אַשטייגער, וואוינען ארום אַ האַלב צענדליק פֿעלקער (ווײַסרוסן, רוסן, ייִדן, פּוילן און לעטן). אויב מע זאָל גיין מיט דער ציאָניסטישער לאָגיק, דאַרפֿן זײַן בײַ אונדז 5 ציקן פֿון יעדן פֿאָלק.. אין ר.ס.פֿ.ס.ר. וועלן זיך אַזעלכע קענען אָנקלײַבן בײַ אַ האַלבער מייע... אַזוי קען ווערן אַ מעלוכע געבויט?

נאַטירלעך, אַז עס איז נאַריש, אומגעלומפּערט—אַזוי וועלן די ציאָניסטן זאָגן—ווי אַ קלאַל קען דאָס ניט דורכגעפֿירט ווערן, ווײַל דאָס איז בוילעטער אידיאָטיזם, אָבער בײַ ייִדן דאַרף זײַן אַנדערש, ווײַל ייִדן זײַנען ייִדן...

מיר זאָגן אָבער אַז די סאָוועטן-אָרגאַנען דאַרפֿן אויסגעקליבן ווערן און באַדינען די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע פֿעלקער, וואָס וואוינען אין דעם געגעבענעם לאַנד. מיר דאַרפֿן בלויז זען צוצופּאַסן די סאָוועטנבויונג אַזוי, אַז די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זאָלן קענען אין דער געהעריקער מאָס באַדינט ווערן. וועגן דעם רעט אונדזער פּאַרטיי, וועגן דעם רעט אונדזער מעלוכע-געזעצגעבונג, וועגן דעם ריידן די פֿאַקטישע מאָסמיטלען פֿון אונדזער סאָוועטנמאַכט. פֿאַר יעדן איז באַוווּסט, ווי אַזוי אין אונדזער מעלוכע ווערן באַדינט די נאַציאַנאַלע-מינדערהייטן, ווי אַזוי עס ווערט אַנטוויקלט זייער קולטור א. א. וו. די מעלוכע האַלט אויס ייִדישע שולן, טעכניקומס, מיר האָבן אַ ייִדסעקציע אין מעלוכע-אוניווערסיטעט, אין אינסטיטוט פֿון ווײַסרוסלענדישער קולטור א. א. וו. אין זין פֿון סאָוועטנבויונג טוט אויך די מעלוכע אַלץ, אַז די סאָוועטן-אָרגאַנען זאָלן וואָס מער באַדינען די אָרומיקע אַרבעטנדיקע באַפֿעלקערונג. אין די ערטער, וווּ די געגעבענע נאַצמינדערהייט שטעלט פֿון זיך פֿאָר אַ מערהייט, ווערט געשאַפֿן אַ נאַצסאָוועט, וואָס באַדינט די באַפֿעלקערונג אַף איר שפּראַך.

וואָס באַטײַט, אַלזאָ, די פֿאָדערונג וועגן דער ייִדישער נאַצ. פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע? מיט דער פֿאָדערונג ווערט געפּלאַנצט, אַז די מאַכט פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע פֿעלקער קען ניט באַפֿרידיקן די נויטן פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע. דאָס איז אַן אָנגריף אַף דער צ ו ו י ש נ פֿ ע ל ק ע ר ל ע כ ע ר אַ כ ד ע ס פֿ ו ן ד י אַ ר ב ע ט נ ד י ק ע, אַ קולטיווירונג פֿון נאַציאָנאַלן שאָוויניזם. פֿון דער צווייטער זײַט, שטעלט עס פֿאָר פֿון זיך אַ פּרוּוו מיצאַד דער ייִדישער בורזשואַזיע צו פּאָטער ווערן פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער ייִדישער סוויווע און ווערן צוריק די קאָכלעפֿל, ווי אין אַמאָליקע גוטע יאָרן. אַזאַ פּאָנים האָבן אַלע פֿאָדערונגען וועגן שאַפֿן באַזונדערע נאַציאָנאַלע צענטראַליזירטע ייִדישע אַנשטאַלטן (קאָאָפּעראַציע, באַנק א. א. וו.). די ייִדישע בורזשואַזיע וויל פֿריער אָ פּ ט י י ל ן—שאַפֿן צענטראַליזירטע ריין-ייִדישע אַנשטאַלטן און דערנאָך—ה ע ר ש ן.

אָפּטיילן און הערשן—דאָס איז דער לאָזונג פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע—דאָס איז די לאָגיק פֿון די ציאָניסטישע פֿאָדערונגען.

וואָס פֿאָדערן זיי ווײַטער? אַז עס זאָל געשאַפֿן ווערן אַ ייִדישע קאָאָפּעראַציע מיט אַ צענטראַלער ייִדישער פֿאַרוואַלטונג, אַ נאַציאָנאַלער באַנק א. א. וו. האַקיצער, מאַכן שאַבעס פֿאַר זיך. די צ. ס. פּ. ווילן ניט האָבן צו טאָן „מיט די גויִם", אַפּאָנים, אַז די ציאָניסטן האָבן אַ ניידער געטאָן מיט גויִם בײַ איין טיש ניט זיצן, ווײַל וויפֿל אינסטיטוציעס עס זײַנען פֿאַראַן, פֿאָדערן זיי ראַק נאַציאָנאַלע. אַזוי דאַרף מען אויך פֿאַרשטיין זייער פֿאָדערונג וועגן דעם, אַז פֿאַר דער ייִדישער באַפֿעלקערונג זאָל אויסגעטיילט ווערן אַן אייגענער ביודזשעט און וועגן ייִדישע פּאָלקן אין דער רויטער ארמיי.

דער ערשטער לאָזונג „סאָוועטנמאַכט אָן קאָמוניסטן" און דער צווייטער—צו אויסטיילן אין אַלע געביטן פֿון דער ווירטשאַפֿט באַזונדערע צענטראַליזירטע ייִדישע אַנשטאַלטן (קאָאָפּעראַציע, בענק א. א. וו.)—האָט אונטער זיך אַ קלאָר אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן-אינהאַלט: באַוואָרענען די העגעמאָניע פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, שטעלן דעם קוסטאַר א. ד. ג. אונטער דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אָנפֿירונג פֿון דער בורזשואַזיע.

פֿאַרשטייט זיך, אַז צווישן די פֿאָדערונגען איז אויך ניט פֿאַרזען „די שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק—איבריט".

נאָר מאַמעש ציניש איז די לעצטע פֿאָדערונג:

„אַרויסגייענדיק פֿון דער אייגנאַרטיקער סטרוקטור פֿון דער ייִדישער נאַציע, פֿאָדערט די פּאַרטיי, אַז די מעלוכע זאָל אַסיגנירן ספּעציעלע קאַפּיטאַלן (אַכוץ דעם ספּעציעל ייִדישן ביודזשעט א. וו.) אַף צו אָרגאַניזירן פּראָדוקציע-אונטערנעמונגען דאָרט, ווו די ייִדישע אַרבעטנדיקע זײַנען קאָנצענטרירט, קעדיי צו שאַפֿן פֿאַר זיי אַ מעגלעכקייט אַריבערצוגיין צו פּראָדוקטיוויזירנדיקער אַרבעט".

עפֿענען פֿאַבריקן ספּעציעל פֿאַר ייִדן. פֿאַרוואָס עפּעס דאַווקע פֿאַר ייִדן? וואָס זאָלן טאָן די אַרבעטסלאָזיקע ניט ייִדן?

סאַײדן עפּשער וועגן אַלעמען איז שוין לאַנג אָפּגערעט, קיין אַרבעטלאָזיקע זײַנען ניט בענימצע, גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסן, פֿאַבריקן ווערן געעפֿנט אַלע טאָג נייע, מערניט וואָס צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָט זיך די רעגירונג אײַנגעאַקשנט און וויל זיי קיין אַרבעט ניט געבן בײַזווייליק, עפּשער איז די לאַגע אַזאַ?

און דאָס ווערט געשריבן וועגן אַ לאַנד און אַזאַ מעלוכע, וואָס ניט געקוקט אַף דער אָרעמקייט און דאַלעס, ניט געקוקט דערויף, וואָס קאַפּיטאַלן פֿעלן אויס אומעטום אין אַלע געביטן פֿון דער ווירטשאַפֿט, זײַנען פֿאַר די עטלעכע יאָר באַזעצט געוואָרן אַף ערד ניט ווייניקער ווי 60 טויזנט ייִדישע נעפֿאַשעס. דאָס ווערט געשריבן וועגן אַזאַ לאַנד, וווּ אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז צום לעבן געקומען אַ נייער סאָציאַלער שיכט—דער פּויערים-שיכט, פֿון וואָס די ייִדישע געשיכטע האָט ניט געוווּסט פֿאַר די לעצטע הונדערטער יאָרן, וווּ עס שטייט פֿאָר צו פּראָדוקטיוויזירן קאָרעוו אַ האַלבן מיליאָן נעפֿאַשעס.

די ציאָניסטן האָבן קלוימערשט קיין געדולד ניט, זיי קענען ניט וואַרטן. אָט טייקעף אומיאַד די רעגע זאָלן פּראָדוקטיוויזירט ווערן אַלע ייִדן, שוין אָפּן שטעל זאָל אונדזער אינדוסטריע פֿאַרברייטערט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל קענען אַרײַננעמען אַלע דעקלאַסירטע עלעמענטן.

אין דער „נאַציאָנאַלער היים" געוועלטיקן די ענגלענדער. די ייִדישע רעכט ווערן געטראָטן מיט די פֿיס דורך דעם ענגלישן זשאַנדאַרם.

די ציאָניסטן האָבן געדולד.

די עמיגראציע אין פאלעסטינע איז פאַקטיש פאַרבאָטן. די ציאָניסטן האָבן צייט און טרייסטן מיט האָפענונגען וועגן דער צוקונפט.

צוויי פּאָגראָמען זיינען שוין געווען אין פּאַלעסטינע, אַ דריטער ווערט אינסצענירט און צוגעגרייט, — דער געדולד פּלאַצט אַלץ ניט.

אין דער נאַציאָנאלער היים ווערט קיין איין יידישער אנשטאַלט ניט אויסגעהאַלטן אַף מעלוכישע מיטלען. אין ענגלישן פּאַרלאַמענט דערקלערט מען אָפן, אַז פאלעסטינע קאָסט דער ענגלישער מאנדאַטאַרישער מאַכט קיין איין קאָפּיקע ניט, ווייל די ציאניסטן האַלטן אלץ אויס. מען קנייפּט די באַק, די פּאַרב זאָל שטיין.

אין פוילן האַלט די מעלוכע קיין איין יידישע שול ניט אויס — נישקאָשע מען דאַרף שווייגן.

יידן זיינען אויסערן געזעץ. שיסן אין יידן און האַרגענען זיי ווערט דערקלערט פאַר אַ פאטריאָטישן אַקט. באַ יידישע באַלמעלאָכעס נעמט מען צו זייער ברויט (די קאָנצעסיע-גזיירע), דעם יידישן האַנדל באַשטייערט מען מיט אַ קיוון אזוי, אַז ער זאָל אונטערגיין. די רעגירונג פירט א קלאָרע עקאָנאָמישע פּאָליטיק אַף אויסצוראָטן די יידישע באַפעלקערונג, די ציאניסטן שווייגן.

קיינער פון זיי טרעט ניט ארויס קעגן דער רעגירונג, קיינער רופט ניט קעגן דער מאַכט, קיינער קעמפּט ניט קעגן דער עקזיסטירנדיקער מעלוכע-פּאָרם. אדרעאַבע, מע שליסט נאָך „פּאַרשטענדיקונגען“ און ביסכאַר דעם, וואָס עס ווערט צוגעזאָגט אַז די יידישע סאָלדאטן וועט דערלויבט ווערן צו עסן קאָשער פאַר זייער געלט — ביסכאַר דעם זאָגט מען צו דער רעגירונג ניט צו זיין אין דער אָפּאָזיציע און ניט צו שטימען אין סיים קעגן די געזעצפּראָיעקטן פון דער רעגירונג.

איין רעגירונג טוט אַלץ, וואָס זי קען צו בעדאַלעס שטעלן און פיזיש אויסראָטן די יידישע באַפעלקערונג, נאָר זי האָט נאָך ניט באַוויזן צו אויסצוראָטן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג — די רעגירונג ווערט געבענטשט.

אַ צווייטע רעגירונג טוט אַלץ, וואָס זי קען, קעדיי צו פּראָדוקטיוויזירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, נאָר זי האָט נאָך ניט באַוויזן אַלעמען צו פּראָדוקטיוויזירן — ווערט די מאַכט געטאַדלט און געזידלט.

דאָס איז די „נאציאָנאַלע לאָגיק“ פון די ציאָניסטן. און דאָ גייט ארויס דער עמעס, ווי דער בוימל אָפן וואַסער. עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, וואָס די ציאָניסטן נעמען זיך טאַקע אָן אַף אן עמעס די קריוודע פון די יידישע מאסן, עס האנדלט זיך וועגן באקעמפן די סאָוועטנמאַכט און אלעס איבעריקעס איז נאָר אַ טערעך, אַן אויסרייד דערצו.

———

וועלכן קלאַס, וועלכן סאָציאַלן שיכט פאַרטרעטן די צ.ס.פּ.? אַף דעם איז שוין איצט ניט שווער צו געבן אן ענטפער.

אין די אינטערעסן פון וועלכן קלאַס איז צו פריידיקן קלאַסנמיטאַרבעטערשאַפט?

אין די אינטערעסן פון וועלכן קלאס איז אָפּצולייקענען די אָנפירנדיקע באַדייטונג פון פּראָלעטאַריאט?

אין די אינטערעסן פון וועלכן קלאס איז צו פאַרשטארקן די ראָמאנטישע מאָמענטן, וועלכע דאַרפן קולטיווירן דעם געדאַנק וועגן דער איינקייט פון דער יידישער נאַציע?

אין די אינטערעסן פון וועלכן קלאס איז צו שפּייזן די געפילן פון רעליגיעז-נאַציאָנאַלן ראָמאנטיזם אין באַצוג צו פאלעסטינע?

אין די אינטערעסן פון וועלכן קלאס איז צו שאַפן די אָריענטאציע אַף די מאַירעוו-אייראָפּעישע קאַפּיטאליסטישע רעגירונגען?

לאַנג טראכטן וועגן דעם קומט ניט אויס. די פּראקטיק פון אַלע פארטייען באַ אַלע אומעס אויסשיינעס לערנט אונדז גענוג, אַז די אַלע מאָמענטן וועגן נאציאָנאַלער איינקייט און אַלנאציאָנאלע אויפגאַבן ווערן געפּלאַנצט פון די הערשנדיקע קלאסן. דער ראָמאַנטיזם, דאָס פאַרהייליקן אלטע היסטאָרישע איבערבלייבענישן איז אויך שטענדיק די זאך פון די הערשנדיקע קלאַסן. ניט נאָר באַ יידן, נאָר אומעטום האָבן שטענדיק די הערשנדיקע קלאַסן געפּלאַנצט אזעלכע געפילן. וועגן דעם עכט רוסישן גייסט האָבן מיט דערזעלבער דווייקעס, ווי אונדזערע ציאָניסטןריידן וועגן דעם יידישן גייסט, גערעט די רוסישע סלאוויאנאָפילער און שפּעטער די כעוורע-לייט פון „פאריין פון רוסישן פאָלק“. וועגן דעם ריינעם „דייטשישן גייסט“ האָבן גערעט און ריידן נאָך די דייטשישע פאנגערמאַניסטן — די פאָרשטייער פון דעם דייטשישן יונקערטום, אָפיצערן און פריצים. אַ „הונדערט פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער“ איז היינטיקס טאָג דער לאָזונג פון די אַמעריקאַנער פאַשיסטן, פון די קו-קלוקס-קלען. די אידיאליזירונג פון „נאציאָנאַלן טשאלנט“ איז טאָמיד און אומעטום געווען דער סימן פון רעאַקציע און האָט טאָמיד געשטיצט זיך אַף די הערשנדיקע קלאַסן.

וואָס איז שאַיעך דעם טעזיס וועגן אָפּלייקענען די אָנפירנדיקע ראָל פון דעם פּראָלעסאריאט, איז שוין קלאָר אַפילע פאַר בלינדע, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. דאָ איז שוין דער אָנגריף אַפן פּראָלעטאַריאט אַ קלאָרער. און אזא כאראקטער טראָגט, ווי מיר האָבן געזאָגט, דאָס פאַרבייטן דעם טערמין „פּראָלעטאריאט“ מיטן טערמין „אַרבעטנדיקע“.

עמעס, די ציאָניסטן נעמען זיך אָן קלוימערשט די קריוודע פון קוסטאר, שטעלן ארויס אין זייערע פּראָקלאמאציעס אזעלכע פונקטן, וועלכע דאַרפן קלוימערשט ווייזן, אז זיי זיינען דאָס די פאַרטיידיקער פון קוסטאר. וואָס באַטייט דאָס אָבער? דאָס באַטייט בלויז אַ מאַנעוור. ניטאָ קיין איין זאכלעכער פונקט וועגן די קוסטארן, וועלכן מיר זאָלן ניט האָבן פריער באטראכט און אויסגעפירט. די פראגע וועגן העכערן דעם מאטעריעלן מאצעוו פון קוסטאר איז א פראגע, וואָס מיר האָבן איר געשטעלט און גייט אריין אין פראגראם פון אונדזער ארבעט.

די יידישע בורזשואזיע איז צו שוואַך, זי זאל קענען ארויסשטעלן ריין בורזשואזע לאזונגען. צו פיל סאָוועטיש איז שוין אונדזער לעבן. זי פרווט זיך דעריבער צו קענען געפינען אן

אָפּקלאַנג צווישן אַנדערע שיכטן. עס גייט אַ רייד וועגן אַרונטערכאַפּן דעם קוסטאַר אונטער דער ווירקונג פֿון דער בורזשואַזיע. צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט נישט און בפֿראַט, אַז מע איז נישט באַ דער מאַכט און מע טראָגט פֿאַר די רייד קיין פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט נישט. אַ קאַבצן איז אַ באַל-צדאָקע—איז פֿאַראַן אַ פֿאָלק-שפּריכוואָרט. דאָס איז געזאָגט געוואָרן אקעגן דער פֿאַרטריבענער בורזשואַזיע פֿון סאָוועטן פֿאַרבאַנד. וואָס קאָסט איר טייער צוזאָגן הארים אוגוואָעס די און יענע סאָציאַלע שיכטן? רעאַליזירן האַלט עס סאַי ווי נישט און אַ פֿיינער מענטש קען מען נאָך בלייבן. קענען דאָך איצטער די מאָנאַרכיסטן שרייבן, אַז ווען זיי קומען איצטער צו דער מאַכט נעמען זיי באַ די פּויערים קיין ברעקל ערד נישט, אדרעאַבע, זיי וועלן נאָך דערגעבן. די שלעכטע סאָוועטנמאַכט האַלט דאָך אויס סאָווכאָזן און נעמט צו דידאָזיקע ערד צו זיך. די מאָנאַרכיסטן וועלן די ערד אויך אָפּגעבן דעם פּויער...

פּונקט, ווי אין דאָרף קומט פֿאַר אַ קאַמף פֿאַר דעם מיטל-פּויער און דער טאַקעף שטרעבט צו אַרונטערנעמען אים אונטער זיין ווירקונג, פּונקט אזוי קומט פֿאָר אין דער יידישער סוויווע אַ פּרווו מיצאַד דער בורזשואַזיע צו אַרונטערנעמען דעם קוסטאַר אונטער איר ווירקונג. פּונקט ווי אומעטום ווערט געשטעלט די פֿראַגע אונטער וועמענס העגעמאָניע זאָל גיין די קליינבירגערלעכע און האַלב פּראָלעטאַרישע באַפֿעלקערונג—אונטער דער העגעמאָניע פֿון בורזשואַזיע אָדער פּראָלעטאַריאַט—פּונקט אַזוי ווערט געשטעלט די פֿראַגע אין דער יידישער סוויווע. און אַזוי ווי מיר זיינען איבערצייגט, אַז די אינטערעסן פֿון דעם מיטעלן פּויער קענען פֿאַרטיידיקט און אָפּגעהיט ווערן נאָר אין בונד מיטן אָרעמען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּראָלעטאַריאַט,—אַזוי צווייפֿלען מיר נישט, אַז די אינטערעסן פֿון קוסטאַר קענען אָפּגעהיט ווערן נאָר אין בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט.

ווער זיינען די ציאָניסטן? נישט פֿאַרטראַכטנדיק זיך אַפֿילע וועגן דעם, קענען מיר שוין געבן אַן ענטפֿער אַף דער פֿראַגע. זיי זיינען די אַגענטן פֿון דער בורזשואַזיע אין דער יידישער סוויווע אַן אַגענט באַטייט נישט, אַז ער דאַרף אַליין זיין אַ בורזשוי. זאָל דעריבער קיין כידעש נישט זיין פֿאַר יענעם קליינשטעטלדיקן ציאָניסט, וועלכער איז פֿון דער גרויסבורזשואַזיע און אַפֿילע פֿון דער מיטעלער ווייטלעך לויט זיין אייגנטום לאַגע, אַז אָביעקטיוו טוט ער די זאַך פֿון דער גרויסבורזשואַזיע. און זאָל דער קליינשטעטלדיקער ציאָניסט וויסן, אַז ציאָניסטישע פּאָליטיק אין אַלגעמיין איז געווענדעט נישט נאָר קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַפֿילע קעגן אים, קעגן דעם קליינבירגער, ווען זי שלעפּט אַריין אין איר רייטוואָגן מיטן צוועק צו אויסנוצן.

———

מיר האָבן דאָ די גאַנצע צייט גערעט נאָר וועגן די צ.ס.פּ. און אינגאַנצן נישט גערעט וועגן די איבעריקע ציאָניסטישע גרופּירונגען. מיר האָבן דאָס געטאָן דערפֿאַר, ווייל וועגן די איבעריקע גרופּירונגען איז שווער צו ריידן פּראַגראַמאַטיש, ווייל זיי האָבן אַזוינס נישט אויסגעאַרבעט און קומען אָפּ בלויז מיט איינצלנע קאָנטררעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, נישט פּרווונדיק צו שאַפֿן אַן איינהייטלעכע פּראָגראַם. אין אַלגעמיין, איז דאָס וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן די צ. ס. פּ., אין גרעסטן טייל ריכטיק אויך פֿאַר די איבעריקע.

וועגן די צעירע ציען קומט אויס בלויז צוצוגעבן, אַז זיי מאַסקירן זיך ווייניקער אין דעם סאָציאַליסטישן שלייער און מאַכן נישט אַזאַ אָנשטעל ווי די צ. ס. פּ. אַז זיי זיינען פֿאַר דער רעוואָלוציע און אַפֿילע פֿאַר סאָוועטן, נאָר מיט איין קלייניקער „אויסבעסערונג", אַז די סאָוועטן זאָלן זיין אָן קאָמוניסטן... די צעירע ציען אָדער ווי זיי רופֿן זיך אַן „יידישע אַרבעטנדיקע פּאַרטיי" לאָזן דעם סאָציאַליזם צורו און קומען אָן צו דערמאָנען מאַרקס נאָמען ווייניקער ווי זייערע כאַווירים פֿון די צ. ס. פּ. אין זייערע בלעטלעך צו די וואַלן אין די סאָוועטן שעמען זיי זיך נישט און זאָגן גאַנץ אָפֿן, אַז זיי גייען אין סאָוועט מיטן צוועק צו אונטעררייסן די סאָוועטן פֿון אינעווייניק.

## האַשוימער האַצאָיר.

באַקעמפֿן די יונגע לעניניסטן (פּיאָנערן)—דאָס איז איינע פֿון די גרונט-מאָמענטן אין דער אַרבעט פֿון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אַזוי ווערט עס אויך אָפֿיציעל פֿיקסירט אין איינע פֿון די רעזאָלוציעס פֿון זייער צוזאַמענפֿאָר אין צאָפֿן-מאַירעווודיקן געגנט (אַזוי ווערט נאָך אַף זייער לאָשן אָנגערופֿן אונדזער לאַנד. ווייס-רוסלאַנד איז נאָך אַזוי צו זאָגן נישט אַנערקענט געוואָרן דע-יורע פֿון „האַשוימער האַצאָיר"). אַף אויסצופֿילן דידאָזיקע אויפֿגאַבע ווערט דורך דעם האַשוימער האַצאָיר געפֿירט אַ געוויסע אַרבעט אין דעם גייסט צווישן די קינדער, איבערהויפּט אין שטעטל. דער האַשוימער האַצאָיר איז אָבער נישט נאָר אַ קינדער-אָרגאַניזאַציע, ער איז אויך אַ יוגנט-אָרגאַניזאַציע.

אייגנטלעך, איז שוין דאָס אַליין—דאָס אַרויסשטעלן ווי אַ גרונט-מאָמענט דאָס באַקעמפֿן די שעדלעכע ווירקונג פֿון די פּיאָנערן—גענוג צו קענען האָבן אַ פֿאָרשטעלונג וועגן דעם מעהוס פֿון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע און וועגן דער, מישטיינס געזאָגט, אידעאָלאָגיע פֿון זיי. מיר וועלן פֿונדעסטוועגן פֿאַרנעמען די צייט פֿון לייענער און אונטערטראָגן אים עטלעכע ציטאַטן פֿון דער האַשאָמערישער „ליטעראַטור", וועלכע ווייזן גאַנץ בולעט, וואָס ווילן דידאָזיקע פֿאַרשוינען און דעם „געדאַנקען-גאַנג" זייערן. אין דעם זשורנאַל „האַשוימער האַצאָיר" נום. 4—5 געפֿינען מיר אַ גאַנץ טשיקאַוון אַרטיקל אונטערן נאָמען „צו דער פּאָליט-פֿאָרמירונג". און האגאַם דער עצעם נאָמען פֿון אַרטיקל קען נישט פּרעטענדירן אַף אַן איבעריקער קלאָרקייט, דאָך איז דער אינהאַלט פֿון אים שוין צופֿיל קלאָר. דער אינהאַלט פֿון אַרטיקל, דער לייטמאָטיוו זיינער איז—וואָס פֿון דער קאָמוניסטישער מאַגייפֿע איז נישט פֿאָטער צו ווערן. שטעלט זיך פֿאָר ווי אַ פֿאַרצייטיקער גוטער ייד שטעלט זיך אויעק קלאָגן וועגן דעם, אַז דער סאַמעך מעם (סאַמאָעל—דער קייסער פֿון די אומריינע גייסטער אין דער יידישער מיסטיק) האָט אַרומגענומען די וועלט און די לילית טאַנצט אין אַלעמענס הערצער—בעערעך אַזאַ מין פּיזמון אַנטוויקלט אַר אונדז דער פֿאָרשטייער פֿון דעם „סאָציאַליסטישן" געדאַנק. אָט זיינען זיינע הייליקע ווערטער:

„מיר דאַרפן אויסאַרבעטן די גרוט-פרינציפן פון פאָליטישער ווירקונג, וועלכע זאָלן קענען דינען פאַר אונדז ווי אַ זיכערער קאָמפאַס. אַפן וועג דערצו שטייט פריער ווי אַלץ דאָס אויסאַרבעטן באַ די שאָמערישע מאַסן אַ קריטישן פאָליטישן געדאַנק און אַפן וועג אָט דערצו שטייט די אויפגאַבע פון *בייקומען די דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, אין וועלכער אַרומרינגלונג מיר געפינען זיך.*”

און דער מעכאַבער הויבט אָן צו דערווייזן, ווי די מאַגייפע איז גרויס, ווי דער קאָמוניסטישער סאַם, ראַכמאָנע ליצלאַן, דרינגט אַריין אומעטום, אַז אַפילע באַ זיי באַ די „צאַן קדשים” פון האַשומער האצאָיר איז אויך ניט פאָטער צו ווערן פון דער קאָמוניסטישער טומע.

„צוזאַמען מיט דער מוטערס מילך, דורך אַלע בראָשורן, צייטונגען, לערנביכער דורך דער שול, דורך דער טריבונע, דורך די וואַנט-פלאַקאַטן—דורך דאָס אַלץ האָבן מיר אַריינגענומען אין זיך בלויז די קאָמוניסטישע פרינציפן פון פאָליטיק... ניט ווילנדיקערהייט נעמען מיר אָן אַסאַך זאַכן פאַר אַקסיאָמען (עמעסן, וועגן וועלכע עס קען קיין סאָפעק ניט זיין—**א. וו.**), פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך”.

נאָך דער האַקדאָמע גייט איבער דער מעכאַבער צו אויפווייזן קאָנקרעט, אין וואָס דער קאָמוניסטישער סאַם לאָזט זיך פילן אַפילע אף די קאָשערע ציאָניסטישע האָדוליעס. ערשטנס — *אויסגעהאַלטנקייט*. דאָס איז איין שלעכטע מידע וואָס מע האָט זיך אויסגעלערנט באַ די קאָמוניסטן. און טאַקע בעעמעס ווו שטייט עס, אַז מע דאַרף זיין אויסגעהאַלטן און אז אויב מע זאָגט אַלעף, מוז מען זאַגן בייז? פאַרוואָס זאָל מען ניט טאָרן זיך דערלויבן דעם פאַרגעניגן צו כאַפן פון דאַנעט אַ לעק און פון דאָרטן אַ שמעק? מ'האָט טאַינעס, אז די ציאָניסטישע אידעאָלאָגיע אין ס. ס. ס. ר. איז ניט אויסגעהאַלטן, אַז זי „פאָרעט צונויף די מאַרקסיסטישע (לייען מענשעוויסטישע **א.וו.**) און די נאַראָדאָוואָלישע (לייען רעכט-עסערישע—**א.וו.**) וועלטאַנשויונגען” מוסערט דער מעכאַבער פאַר אַזעלכע טאַינעס, וואָס מע מאָנט אויסגעהאַלטנקייט.

„אַזאַ פאַרקריפלטער פאַרשטאַנד פון אויסגעהאַלטנקייט, אף וויפל דאָס האָט אַן אָרט באַ די שאָמערן האָט זיך געקענט נעמען נאָר פון נאָכטאָן דעם ביישפיל פון דער ר. ק. פ.”

און דער מעכאַבער פייערט:

„אָבער פון דערדאָזיקער אויסגעהאַלטנקייט שמעקט מיט מיטלאַלטער. ווען באַ דעם איצטיקן ניט שטאַנדהאַפטיקן צושטאַנד פון די סאָציאַלע און פילאָסאָפישע יעדיעס און באַ אַן ניט געווינטלעכער פאָליטישער סיטואַציע — ווען באַ אזא לאַגע זאָל אַ מיליאָניקע מאַסע האָבן אַן אַבסאָלוט איינהייטלעכע מיינונג איבער אַלע פונקטן פון דער פילאָסאָפיש-סאָציאַלער און פאָליטישער וועלטאַנשויונג—וועט דאָס באַדייטן בלויז אַ פולשטענדיקן דאָגמאַטיזם פון די מאַסן”

הייסט עס. אז אויסגעהאַלטנקייט איז גאָר אַן אומגליק און בלויז דערפאַר ווייל דער קאָמוניסטישער גיפט האָט שוין באַוויזן אונדז אָפצוסאַמען, זעען מיר ניט, ווי שעדלעך דאָס איז. אויסגעהאַלטנקייט אן אנהייטלעכע וועלטאַנשויונג—דאָס איז פאַרשקלאַפונג פון געדאַנק, דאָס איז מיטלאַלטער.

זאָל אָבער דער לייענער ניט מיינען, אז ער האָט דאָ צו טאָן בלויז מיט אַ לייצאָנעס-זאַך, מיט אַ פאָשעטן קוריאָז און ציאָניסטישער טיפשעס. די ציטירטע שטעלן זיינען טיפיש פאַרן קליינבירגערלעכן אידעאָלאָג און ווייזן בולעט פון וואַנעט זיי שטאַמען. דער קליינבירגער—זאָגט מאַרקס—איז לויט זיין עצעם עקאָנאָמישער לאַגע אף אַזוי פיל אף וויפל און האָט ליב צו דענקען אויך אף אַזויפיל אף וויפל ער איז אין טאך כאצי לעקאן וועכאצי לעקאן און אַזאַ איז אויך דער געדאַנקענגאַנג פון אים. דער קליינבירגעלעכער אידעאָלאָג האָט ליב די „פרייהייט” צו.. קענען זיך פאַרעטן דריי מאָל אף אַ ווילע און אָפזאָגן זיך דערפון, וואָס ער האָט געאָרניט לאַנג אונטערגעטראָגן פאַר אַ טוירעס עמעס. קאָנסעקווענט דענקען, זיין אויסגעהאַלטן—דאָס איז פאַר אים אַ קאָרסעט, וועלכער דריקט זיין איידעלע קליינבירגערלעכע לייב. און אָט וועגן דער פרייהייט פריידיקט דאָס פאַר אונדז דער פאָרשטייער פון דעם „יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק”.

און נאָך אַ שלעכטע מידע איז פאַראַן באַ די קאָמוניסטן וועלכע האָט שוין געלאָזן וואָרצלען אומעטום, דאָס איז די מוירע פאַר קדיינבירגערליכקייט. די קאָמוניסטן האָבן אַזוי איינגערעט די וועלט, אַז פשאָרעמאַכעריי איז אַ מיעסע זאַך. זאָגט מען פשאָרעמאַכער—איז שוין דערמיט אלץ אָפגעפרעגט. אונדזער ציאָניסטישער דענקער נעמט זיך אן די קריוודע פון די פשאָרעמאַכער און פון פשאָרעמאַכעריי ווי אַ פרינציפ. וואָלט אָט די הייליקע מיסיע גענומען אף זיך אַ פאָליטיש-דורכגעטריבענער סאָציאַלדעמאָקראַט, וואָלטן זיינע טאַינעס געווען, אַז די קאָמוניסטן זאָגן אַ ליגן, אַז זיי, די סאָציאַלדעמאָקראַטן, זיינען כאַס וועשאָלעם ניט קיין פשאָרעמאַכער, אַז דאָס איז נאָר אַ קאָמוניסטישער בילבל מיטן מיין צו באַפלעקן זייער רעוואָלוציאָנערע רעפוטאַציע... אַזוי וואָלט ער פאַרטיידיקט די פשאָרעמאַכער.

דער טעאָרעטיק פון האַשומער האַצאָיר האָט אָבער ניט אַזויפיל סייכל, בראָקט ער ארויס: פשאָרעמאַכער זיינען מיר טאַקע אָבער עס איז גאָר קיין אַוולע ניט. דאָס האָבן די קאָמוניסטן אויסגעטראַכט, אַז עס איז אַ מיעסע זאַך.

„מע דאַרף זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפזאָגן פון דער דאָזיקער ווולגאַרער אנווענדונג פון דער פאָליטישער טאַקטיק. דאָרט, ווו די סאָציאַליסטישע פאַרטיי האָט אַנערקענט פאַר אוממעגלעך אין דעם איצטיקן פעריאָד צו אַראָפוואַרפן די בורזשואַזע וועלט—דאָרט מוז מען זיך רעכענען מיט די יעסוידעס פון דערדאָזיקער וועלט... אַזאַ אַקט פון קלוגער פאַרשטענדיקונג איז געווען דער דייוויס-אָפמאַך”.

פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש, פון קליינשטעטלדיקן שאָמערניק ביז דעם מאירעוו-איראָפעייִשן מענשעוויק—די וועגן און די טאַינעס פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע זיינען אומעטום די-זעלביקע. האָט זיך דייוויס געקענט ריכטן, אַז ערגעץ אין ווייסרוסלאַנד וועט ער געפינען אַ פאַרטיידיקער פון זיין פלאַן אין

דער פערזאָן פון אַ האשאָמערניק? גאָטס ווּנדער זיינען טאַקע ניט צו באשרייבן...

דער „האַשומער האַצאָיר“ פרעטענדירט ניט אף אַ זעלבסטשטענדיקער פראָגראַם און פאָליטישער פלאַטפאָרם. ווי „אַ פאָרשטייער פון דער יידישער יוגנט“ וויל ער אָנשליסן זיין פאָליטישע ליניע— ווי מע רופט דאָס אָן בא לייטן — צו אַ וועלכער עס איז ציאָניסטישער פאַרטיי. צו וועלכער? דאָס איז נאָך קיין ניט דערלייזטע פראַגע. ארום דעם איניען קומט טאַקע פאָר אינעווייניק אין דעם האַשומער אַ רייסעניש, האמכונע וואָס עס ווערט אָנגערופן אף זייער לאָשן מיטן נאָמען „אָריענטאַציע“. דערווייל טראָגט זיך ארום דער האַשומער מאיסע אָרגאניזאַציע, וואָס אף איר איז אויסגעפאַלן „די מיסיע צו זיין די שטויסקראַפט אין דער פאַרייניקונג פון אַלע ציאָניסטישע קויכעס“ אונטער די פליגלען פון יענער גרופירונג, וואָס דער האַשומער וועט איר זאַלבן, ווי דעם זאַמלער פון ציענס זין... איז אָט פון די גרויסע פלענער, וואָס טראָגן זיך ארום בא זיי אין די קעפ, האָט די פאַנטאַזיע פאַרטראָגן אזוי ווייט, אז מע דאַרף זיך ניט באנוגענען מיט די ציאָניסטישע גרופירונגען, און אויב עס רעט זיך וועגן פאריייניקונג, דאַרף זי שוין זיין א ברייטערע. דער האשומער זאָגט צו זיין הילף (א קאטאָווּעס אזא הילף?) דער פאריייניקונג פון אלע סאָציאליסטישע קויכעס אין לאנד ביקלאַל.

מעגן זיך פרייען די מענשעוויקעס. זייער ניצאָכן איז געזיכערט. דער האשומער אליין האָט זיי צוגעזאָגט שטיצן...

דוכט זיך, גענוג. מיר קענען זיך באנוגענען מיט אונדזער קורצער באַקאנטשאפט מיט דערדאָזיקער אָרגאניזאציע. דער פאַרצוף אירער איז גענוג קלאָר. נעמט מען נאָך דערצו אין אכט די פארביסענע כוצפעדיקע רעכילעס-קאַמפאַניע, וואָס ווערט געפירט דורך זיי קעגן די פיאָנער-אָרגאניזאציעס, אז זיי שטעלן ארויס ווי א הויפט-פונקט פון זייער טאקטיק צו דיסקרעדיטירן און דעמאָראליזירן די פיאָנערן (אויפרייסן זיי פון אינעווייניק) — ווערט שוין אין גאנצן קלאָר מיט וועמען מיר האָבן דאָ צו טאָן.

---

ו. מייזעליס.

# פלאַסטישע קונסט.

## אַלגעמיינע האַנאָכעס.

צו פלאַסטישער קונסט געהערט די פאָלגנדיקע גרופע פון שיינע קונסטן: אַרכיטעקטור, סקולפטור און מאָלעריי. דער איקער-סימען, וועלכער פאַראייניקט די פלאַסטישע קונסטן איז דאָס, וואָס זיי אַלע ווערן אופגענומען דורכן אויג, ווייל זיי פאַרקערפערן איבערהויפט אנשוילעכע געגנשטאַנדן—ליכט-איינדרוקן, פאַרב און ליניען. אין דער צייט, ווען אַ קאָמפאָזיטאָר און דראַמאַטורג, צום ביישפיל, נויטיקן זיך אין באַזונדערע אויספירער (מוזיקער, זינגער, אַקטיאָרן), איז אַ מאָלער, אַ סקולפטאָר און אַן אַרכיטעקטאָר נויטיקן זיך ניט אין אַזעלכע אויספירער. אַ בילד, אַ סקולפטור, אַ געביידע זיינען שוין פאַר זיך אַליין פאַרטיק-אויסגעדריקטע פראָצעסן פון שאַפונג און קענען ווירקן אַפן געדאַנק און האַרץ פונם צושויער. אָט דידאָזיקע אומיטלבאַרקייט פון ווירקונג און אופאַסונג איז דער צווייטער סימען, וועלכער כאַראַקטעריזירט די פלאַסטישע קונסט.

עס קאָן זיך אָבער בא אייניקע דערוועקן אַ ריכטיקע פראַגע: אויב דער גרונט-סימען פון פלאַסטישער קונסט איז דער אנשוילעכער איינדרוק, טאָ ווי ושע זאָל זיין מיט זיי אין הינזיכט פון מישעש (אָנטאַפן), איבערהויפט—בא טקולפטור און אַרכיטעקטור? אַף דעם דאַרפן מיר ענטפערן פאָלגנדיקעס: אויב אַרכיטעקטור און סקולפטור דריקן זיך אויס אין פאָרמען פונם דרייי-מאסיקן רוים, וועלכע מע קען אויך אָנטאַפן, און מאָלעריי—נאָר אין רוים-פאָרמען אַפן פלאַך, וואָס לאָזן זיך ניט אָנטאַפן, דאָך איז די ערשטע אופאַסונג פון אַלע פלאַסטישע קונסטן אַ ריין אָנשוילעכע, און אַזעלכע פאַרבלייבט זי אַף דער גאַנצער צייט, וואָרום בעעמעסן, מיר פאַסן דאָך אוף די רעליעפקייט אָדער די פאַרטיפטקייט אין דער נאַטור אָדער מאָלערישער לייוונט אַף איין און דעמזעלבן אויפן—אָנשוילעך. און די מאָלערישע פלאַך (לייוונט) האָט דאָך אין איר רעשוס מער ניט ווי צווייפלאַכיקע מאָס, הייסט עס, אַז די איינדרוקן פון רעליעפקייט אָדער פאַרטיפטקייט (די דריטע פלאַך) באַקומען מיר איליוזאָריש, ד. ה. מיט דער צופאַסונג פון פערספעקטיוו.

הייסט עס, אַז די אָנשוילעכקייט פון די פלאַסטישע געשטאַלטן איז, אָן צווייפל, דער גרונט-סימען זייערער.

וואָס זשע פאַר אַן אופגאַבן האָבן די פלאַסטישע קונסטן? מיר ווייסן, אַז אַ קינסטלער, וועלכער זוכט אַן אַמערסטן קלאָרן און קאָנקרעטן אויסדרוק פון אַ געשטאַלט, ווענדעט זיך שטענדיק צו דער פילפאַרביקייט און פילגעשטאַלטיקייט פון די נאַטורפאָרמען. ווייל די נאַטור, גענומען אין דער גאַנצער רייכקייט פון אירע פאַרבאָרגענע און פאַנאַנדערגעפנטע געהיימניסן, איז דער בעסטער לערער זיינער. דאָ, טאַקע, גייען מיר צו נאָענט צו דער פראַגע וועגן נאָכמאַכן (נאָכאַמונג). דאַרף דען אַ קינסטלער, וועלכער ווענדעט זיך צו דער נאַטור, נאָכמאַכן איר? דער פאָרשטייער פון דער עסטעטישער שול פון די „פאַרנאַסצעס“— אָסקאַר ווײַלד—האָט געזאָגט, אַז „קונסט הויבט זיך אָן דאָרט, ווו ס'ענדיקט זיך די נאָכמאַכונג“. איך מיין, אַז דערווייזן די ריכטיקייט פון דידאָזיקע ווערטער דאַרף מען ניט. נאָכמאַכנדיק, ד. ה. קנעכטיש קאָפירנדיק די נאַטור, מוז די קונסט אומפאַרמיידלעך דערגיין צו פאָטאָגראַפישקייט, צו אַ טרוקענער (אָנהאָר-

ציקער) מעכאַניזירונג פֿון דעם עצעם פּראָצעס. און קונסט—דאָס איז דאָך פֿריער פֿאַר אַלץ שאַפֿונג. פֿאַר אונדז איז ניט וויכטיק, אַז זי זאָל פּינקטלעך אַרויסבאַווייזן די נאַטור, אונדז איז וויכטיק, זי זאָל זי שעפֿעריש איבערגעשטאַלטיקן, דורכלאָזנדיק דעם אָדער יענעם אנשוילעכן איינדרוק דורך דער פּריזמע פֿון זיין אייגענער שעפֿערישער וועלט-עמפּינדונג, שוין מיט דעם אַליין באַגרענעצט שטאַרק דער קינסטלער די ספֿערע פֿון נאָכמאַכן די נאַטור. „אַן עמעסער קינסטלער איז גאָרניט קיין קנעכט פֿון דער נאַטור, נאָר אַן אַזעסדיקער באַקעמפֿער אירער, אַ רויבער פֿון אירע געהיימניסן, וועלכער באַזיצט די פֿעיקייט צו באַשענקען מיטן אָטעם פֿון אייביקן לעבן די באַשאַפֿענע דורך אים געשטאַלטן*). די גרויסע מאַיסטערס פֿון מאָלעריי האָבן פֿאַרשטאַנען די קונסט, ווי דעם העכסטן אַקט פֿון שעפֿערישן ווילן, וועלכער איבערגעשטאַלטיקט און אַנדערשט איבער זאַכן און נאַטור-דערשיינונגען. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז די אַמערסטן פֿולע, סינטעטישע פֿולקאמקייט פֿון אידייע פֿון אויסדרוק, פֿאָרם און אינהאַלט, איז דער אַמערסטן כאַראַקטעריסטישער און באַשטימענדיקער סימען פֿונם דאָזיקן איבערגעשטאַלטיקן די נאַטור-פֿאָרמען.

יעדע געזונטע, „אָרגאַנישע" קונסט דאַרף טאַקע אַף אַזאַ אויפֿן פֿאַרשטאַנען ווערן. ווייל יעדערן איז קלאָר, אַז אַזוי ווי עס קאָן ניט זיין קיין צוטיילונג פֿון דער וועלט אַף אַ פֿיזישער און גייסטיקער, אַזוי אויך קאָן ניט זיין קיין צוטיילונג פֿון דער קונסט אַף אַן אידעישער און פֿאָרמעלער. יעדע אידייע געפֿינט פֿאַר איר אויסדרוק אַ וואָסער ניט איז פֿאָרם, און יעדע פֿאָרם דריקט אַלע מאָל עפּעס אויס. נאָר ניט אין אַלע צייטן און טקופֿעס האָט מען אַף קונסט געקוקט פּונקט אַזוי. עס זיינען געווען טקופֿעס, ווען קונסט איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַ געוויסע סיסטעמאַטישע אָרגאַניזאַציע, דריקער פֿון „אידעישע" פּרינציפּן. אין אַזעלכע טקופֿעס פֿלעגט דער פֿאָרמעלער מעהוס פֿון קונסט אַפֿילע באַוווסטזיניק איגנאָרירט ווערן. קיין ביישפּילן דאַרף מען ווייט ניט זוכן: לאָמיר נעמען די זעכציקער און די זיבעציקער יאָרן אין רוסלאַנד. די אַנטוויקלונג פֿון די געזעלשאַפֿטלעך-רעוואָלוציאָנערע אידייען, די הערשונג פֿון טשערנישעווסקיס עסטעטישער טעאָריע און דער ניצאָכן פֿון די „פּערעדוויזשניקעס". מיר זעען, אַז די קינסטלער-„פּערעדוויזשניקעס" האָבן ניט פּאָשעט איגנאָרירט די פֿאָרמעלע נאַטור פֿון מאָלעריי, נאָר האָבן זי באַוווסטזיניק אָפּגעוואָרפֿן, אָדער אין בעסטן פֿאַל אָפּגערוקט זי אַפֿן צווייטן אָרט. ס'האָט אויך געטראָפֿן פֿאַרקערט, ווען די פֿאָרמעלע אויפֿגאַבן פֿלעגן אינגאַנצן פֿאַרטרייבן דעם געדאַנק, דעם סוזשעט פֿון ווערק. אַזאַ צוגאַנג באַגעגענען מיר שוין באַ די קינסטלער-אימפּרעסיאָניסטן, און דערנאָך באַ אַלע פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע גרופּן פֿון דער קינסטלערישער „לינקייט". דער קאַמף וועגן דער מער וויכטיקייט פֿון פֿאָרם אָדער אינהאַלט האָט באַזונדערס געקאָכט אין די רעוואָלוציע-יאָרן צווישן די פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע

*) וו. ניקאָלסקי: „די געשיכטע פֿון דער רוסישער קונסט". מעלוכע-פֿאַרלאַג, בערלין, 1923.

„איזמען" אין קונסט. נאָר אַפֿילע נעמענדיק קינסטלערישע ווערק, ווי אַן אָרגאַנישע פֿאַראייניקונג און סינטעטישער אויסדרוק פֿון פֿאָרם און אינהאַלט, וועלן מיר ניט אַלעמאָל קענען אָנווייזן דעם מאָמענט פֿון דער דירעקטער אָפּהענגיקייט איינער פֿון דער צווייטער. אויב באַטראַכטנדיק אַ בילד אָדער אַ סקולפּטור, קענען מיר קימאַט אַלע מאָל געפֿינען די אויסגאַנג-געשטאַלט פֿונם קינסטלער אין דער פֿאָרם פֿון אַ מענטשלעכן פּאָנים, נאַטורבילד, אָדער עפּעס ענלעכעס, איז אין אַן אַרכיטעקטור-געביי אַזאַ געשטאַלט זייער שווער צו געפֿינען.

וואָרום בעעמעס, אויב מען זאָל אַרויסגיין נאָר פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון געביי גופֿע פֿון דער אידייע פֿון איר נויטיקייט, קאָן די אויפֿגעבויטע אַף אַזאַ אויפֿן געביידע (אַ טפֿיסע, אַ קאַזאַרמע, אַ פֿאַבריק, אַ שפּייכלער) לויט איר פֿאָרמעלן אויסדרוק געפֿינען זיך אויסער קונסט. אויב אָבער מיר האָבן פֿאַר זיך אַ וואָסער ניט איז רייכן געביי, ווי צום ביישפּיל, אַ מוזיי, אַ פּאַלאַץ, אַ טעאַטער, אַ ביבליאָטעק, איז דאָך ניט אַלעמאָל און ניט אַזוי לייכט וועלן מיר קענען געפֿינען אַף וויפֿל די פֿאָרם איז דירעקט אָפּהענגיק פֿון דער אוטיליטאַרער אידייע, אַנדערש גערעט, דער קינסטלעריש-אַרכיטעקטאָרישער אויסגאַנג-געשטאַלט פֿונם געביי. הייסט עס, אַז דער עסטעטישער זין פֿון ארכיטעקטור, ווי איינער פֿון די שיינע קונסטן, באַשטייט אין קענען געפֿינען קינסטלערישע פֿאָרמען פֿאַר אַ געביידע, וועלכע באַפֿרידיקט די נויטיקע, ניט עסטעטישע, לויט זייער מעהוס, באַדערפֿענישן. אָט אָ דאָס קענען געפֿינען אַ קינסטלערישן אויסדרוק פֿאַר זאַכן, וואָס טראָגן אַ ריין אוטיליטאַרן כאַראַקטער, מאַכט אַסאַך זאַכן פֿון שטוביקן באַנוץ פֿאַר זאַכן פֿון אַזוי גערופֿענער „קליינער" אָדער אָנווענדונג-קונסט. די מאָלעריי, סקולפּטור און אַרכיטעקטור, אינם אַנטוויקלונג-גאַנג פֿון זייערע אינערלעכע געזעצן און פּרינציפּן, אַרבעטן אויס אַזעלכע פֿאָרמעל-עסטעטישע יעסוידעס, וועלכע קענען אין אַ געוויסער מאָס צוגעפּאַסט ווערן צו אַזעלכע זאַכן.

די זעלבסטשטענדיקע אַנטוויקלונג פֿון די דאָזיקע יעסוידעס פֿירט שוין צו דעם, ס'זאָל זיך אויסטיילן אַ באַזונדער גרופּע פּלאַסטישע קונסט, וועלכע האָט אין דער ליטעראַטור וועגן קונסט פֿאַרשיידענע נעמען: קינסטלערישע אינדוסטריע, קינסטלערישע האַנטווערקעריי, אָנווענדונג-קונסט, דעקאָראַטיווע קונסט.

דאָסראָוו טיילט זיך שאַרף אָפּ דעראָזיקער טיפּ קונסט פֿון דער גרופּע „ריינע", אָדער הויכע קונסט, צו וועלכער עס געהערן אַרכיטעקטור, סקולפּטור און מאָלעריי, לויטן פּרינציפּ פֿון „נויטיקייט". ס'איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז די גרופּע „ריינע" אָדער „הויכע" קונסט נוצט צו גאָרניט, ד. ה. זי אַנטשפּרעכט ניט דעם דירעקטן אויסדרוק פֿון די אוטיליטאַרע באַדערפֿענישן. אַ מער ערנסטע באַקאַנטשאַפֿט מיט דעראָזיקער זאַך באַווייזט די גאַנצע ניט באַגרינדעטקייט פֿון אַזאַ קוק. אויפֿדעקן דעם סאָציאַלן מעהוס און אידעאָלאָגישן ווערט פֿון יעדער קונסט,—איז פֿאַר זיך אַליין אַ באַזונדערע, גרויסע טעמע. יעדערן, ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דעראָזיקע טעמע, שיק איך אָפּ צו פּלעכאַנאָווס באַוווסטן בוך „וועגן קונסט", אין וועלכן עס איז געגעבן געוואָרן אַ בעעמעס קלאַסישע באַלויכטונג פֿון דעראָזיקער פֿראַגע. ס'איז

קלאָר, אַז יעדע געזעלשאַפט, נאָך מער, יעדער קלאַס, וועלכער איז דער הערשנדיקער, באַטראַכט קונסט פונם שטאַנדפּונקט פֿון זיין קענען דירעקט אָדער אומדירעקט אָרגאַניזירן באַשטימטע קלאַסן-פּרינציפּן. דערביי, ווערט געוויס אַף אַ געהעריקן אויפֿן פֿאַרמאַסקירט די אידעאָלאָגישע „אוטיליטאַרישקייט“, די קלאַסן-אוטיליטאַרישקייט פֿונם ווערק. אַף דער קונסט פֿון דער בורזשואַזיע איז לייכטער פֿון אַלץ נאָכצופֿאָרשן דידאָזיקע אייגנשאַפֿט. דאָרטן קוקן די קינסטלער אַף קונסט, ווי אַף הייליקע שליכעס פֿאַר אויסדערוויילטע, און די טעאָרעטיקער, פֿאַרטושירנדיק באַוווּסטזיניק דעם קלאַסן-נוצן, טראָגן זיך אַרום מיטן אַבסטראַקט-עסטעטישן נוצן.

וואָס עס טיילט באַזונדער אָפּ די „הויכע“ קונסט פֿון דער „קליינער“ אָדער אָנווענדונג-קונסט, איז דאָס דער קאַמוּסדיק-פּראָדוציררנדיקער מאָמענט, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן. אין דער צייט, ווען ווערק פֿון דער „הויכער“ קונסט זיינען געציילטע, קענען די ווערק פֿון דער „קליינער“ קונסט זיך מערן, ווייל זייענדיק אָפּט פֿולקאָם גוט לויט זייער אויספֿירונג, דינען זיי אַלס מוסטערן פֿאַר אַ סאַך קאָפּיעס און נאָכמאַכונגען. אָט דערדאָזיקער פּראָצעס פֿון מערן זיך דערנעענטערט די דעקאָראַטיווע אָדער אָנווענדונג-קונסט צום פּראָצעס פֿון דער אינדוּסטריעלער פּראָדוקציע. פֿון דאַנען, איז אויך דער נאָמען פֿון דערדאָזיקער קונסט „קינסטלערישע אינדוסטריע“. אַף אַזאַ אויפֿן, איז די אַזוי גערופֿענע „קליינע“ קונסט גאָר ניט קיין אָפּגעזונדערטע, צוליב איר דירעקטער נוציקייט, נאָר זי שאַפֿט אַ באַזונדער גרופּע, אָדער זי איז איינע פֿון די טיפּן פֿון דער פּלאַסטישער קונסט.

## 2. סטיל, קאָמפּאָזיציע, טעכניק.

אימיצער האָט זיך זייער טרעפֿלעך אויסגעדריקט, אַז די געשיכטע פֿון קונסט איז אין אַ געוויסן זין די געשיכטע פֿון סטילן. אין וואָס פֿאַר אַ זין דאַרף מען פֿאַרשטיין דידאָזיקע באַשטימונג? יעדער קינסטלער פֿאַרקערפּערנדיק אין מאָלעריי, סקולפּטור, אָדער אַרכיטעקטור די אָדער יענע אַנשוילעכע געשטאַלטן, באַנוצט דערביי נאָר פֿאַר אים אַליין אייגנטימלעכע מיטלען. אַ געוויסע שטענדיקייט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דידאָזיקע מיטלען, ווערט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדן קינסטלער, ווערט זיין סטיל. אַזוי ווי יעדער גרויסער קינסטלער, וועלכער באַזיצט אַן אייגענעם סטיל, האָט אַלע מאָל אַסאַך טאַלמידים און נאָכגייער, וועלכע אַנטוויקלען מיט זייער טעטיקייט דעם לערערס סטיל, איז אין רעזולטאַט פֿון אַזאַ אַנטוויקלונג שאַפֿט זיך אַ באַשטימטע שול, אָדער אַ באַשטימטע ריכטונג, וואָס כאַראַקטעריזירט זיך מיט דער איינהייטלעכקייט פֿון די געגעבענע סטיליסטישע באַזונדערקייטן. די סטילן פֿון פֿאַרשיידענע שולן אָדער ריכטונגען האָבן בא דעם גאַנצן קלוימערשטדיקן אונטערשייד, עטלעכע אַלגעמיינע סימאָנים. אַ געוויסע פֿאַרייניקונג אין אַנטוויקלונג פֿון דידאָזיקע סימאָנים שאַפֿט דאָס, וואָס עס רופֿט זיך סטיל פֿון דער טקופֿע. נאָר יעדער קינסטלער אַנטוויקלענדיק די פּרינציפּן פֿון זיין אייגענער שאַפֿונג, ווייזט אַרויס ניט נאָר זיין אייגענעם סטיליסטישן פּאָנים. אַף וויפֿל ער געהערט צו אַ באַשטימטן פֿאָלק, אַף אַזויפֿיל אַנטפּלעקט ער אין זיינע סטיליסטישע אַנטדעקונגען אויך די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייט פֿונם געגעבענעם פֿאָלק. אָבער ניט נאָר די „נעשאָמע“ פֿונם פֿאָלק נאָר אויך פֿונם קלאַס געפֿינט איר אויסדרוק אין דעם אָדער אין יענעם סטיל,—אין קלאַסן-סטיל, אומאָפּהענגיק פֿון דער טקופֿע און סטיל פֿונם קינסטלער, קענען מיר שטענדיק אָנווייזן צו וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק און קלאַס עס געהערט די אָדער יענע קונסטווערק, אויב מיר באַזירן זיך אַף זיינע נאַציאָנאַלע און קלאַסנבאַזונדערקייטן. פֿאַראַן נאָך אַ גאַנצע ריי אַנדערע באַשטימונגען פֿון סטיל. אַזוי, צום ביישפּיל, קאָן זיין אַן אינטערנאַציאָנאַלער סטיל, וועלכער ווערט געשאַפֿן אין רעזולטאַט פֿון אַ פֿאַרייניקונג פֿון נאַציאָנאַלע סטילן. ווי אַף אַ ביישפּיל, קאָן מען אָנווייזן אַף די אַרכיטעקטור-סטילן פֿון גאָטיק, באַכאָקאָ און פֿון דער אימפּעריע*). די באַשטימונג פֿון סטיל הענגט אָפּ ניט נאָר פֿון דער אייגנשאַפֿט פֿון די מיטלען, וועלכע ווערן באַנוצט דורך דעם אָדער אַנדערן קינסטלער, נאָר אויך פֿונם מאַטעריאַל, וועלכן ער באַנוצט. די סטיליסטישע סימאָנים פֿונם מאַטעריאַל זיינען גלייך קענטיק, צום ביישפּיל, מאַרמאָר האָט אַזעלכע מאַטעריאַל-סטיליסטישע באַזונדערקייטן, וועלכע טויגן אויסצודריקן נאָר אַזאַ מין געדאַנק, און גראַניט אַן אַנדערן. עס עקזיסטירט נאָך דער אַזוי גערופֿענער מאָנומענטאַלער סטיל. וועגן אים רעט מען, ווען מען האָט אין זינען צו פֿאַרקערפּערן וואָס ניט איז גרויסעס און פֿייערלעכעס, וועלכע האָט פֿאַר אַ ציל צו פֿאַראייביקן אַ גרויסע געשעעניש. דער מאָנומענטאַלער סטיל דריקט זיך בעסער פֿאַר אַלץ אויס אין אַרכיטעקטאָרישע און סקולפּטור-דענקמעלער. אין קעגנזאַץ צום מאָנומענטאַלן סטיל עקזיסטירט אַן אינטימער סטיל. אויב דאָס געגעבענע ווערק דינט אויסשליסלעך פֿאַר באַצירונג-צילן, דעמאָלט רעט מען אויך וועגן אַ דעקאָראַטיוון סטיל. איינס איז קלאָר, אַז יעדער אַלגעמיינער סטיל, איז עפּעס אַ העכסטע דערגרייכונג. אַף וויפֿל אין אים דאַרפֿן געפֿינען זייער סינטעטישן אויסדרוק אַלע באַזונדערקייטן פֿון קינסטלער, שול, טקופֿע, קלאַס און פֿאָלק.

אַ סטיל איז ניט עפּעס קיין שטענדיקס.

אַף וויפֿל עס קומען אויף נייע פּראָדוציר-אינדוסטריעלע, סאָציאַל-עקאָנאָמישע, שטייגערישע, קולטורעלע און אַנדערע באַציונגען, אַף אַזוי פֿיל הויבט אויך אָן אויפֿקומען אַ נייער סטיל, וועלכער דאַרף אָפּשפּיגלען דידאָזיקע באַציונגען. פֿון דעם באַגריף סטיל דאַרף מען אונטערשיידן דעם באַגריף סטיליזאַציע. סטיליזאַציע קומט אָן אין רעזולטאַט פֿון אַזאַ שעפֿערישער טעטיקייט, ווען אַ קינסטלער קריגט אַרויס פֿונם טאָך פֿון אַ וועלכער ניט איז זאַך זיינע מער כאַראַקטעריסטישע סימאָנים און ברענגט זיי צו אַ באַשטימטער איינהייט. דערביי ווערט די איינהייט פֿון די כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פֿון דער זאַך אויסגעדריקט אין אַ וואָסער ניט איז צייכענונג-סיסטעם, וועלכע שיידט זיך שאַרף אונטער פֿון דער סיסטעם פֿון סטיל. געוויינטלעך, סטיליזירט מען פֿאָרמען פֿון געוויקסן און כאַיעס, וועלכע זיינען דער גרונטעלעמענט פֿון אָרנאַמענטיק. צום ביישפּיל. די פֿאָרם פֿון אַ קאַ-

*) נאַפּאָלעאָנס טקופֿע.

פּיטעל*) פון אַן עגיפּטישער קאָלאָנע, איז אַ סטיליזאַציע פון אַ קווייטל פון אַ לאָטאָס א. א. וו.

איצטער וועלן מיר איבערגיין צו דער פראַגע וועגן קאָמפּאָזיציע.

אין יעדער קונסטווערק איז פאַראַן אָט דידאָזיקע איינהייט, ווען די עלעמענטן פונם ווערק ווערן קעגנזייטיק אונטערגעוואָרפן איינער דעם צווייטן. דאָס פירט צו אַ פאַרשטאַרקטער קלאָרקייט פון די אַוועקגעשטעלטע אויפגאַבן. די קאָמפּאָזיציע שפּילט אין קונסט אַ באַזונדער וויכטיקע ראָלע. וואָס צווינגט אונדז אָפּצושטעלן זיך פאַר אַ קונסטווערק? דער ענטפער בעט זיך אָן אַליין: די האַרמאָנישע איינשטימיקייט פון אַלע זיינע טיילן. אָט דערדאָזיקער גענוג שווערער רעזולטאַט ווערט דערגרייכט מיט די געזעצן פון קאָמפּאָזיציע. אין טאָך גענומען, ווערט די אייגנגעבנקייט פון דער אָדער יענער קאָמפּאָזיציע דערגרייכט ניט אַזוי מיטן באַנוצן וועלכע ניט איז געזעצן, ווי מיטן פערזענלעכן געשמאַק און טאַלאַנט פונם קינסטלער. געוויס האָבן דאָ עטלעכע אַלגעמיינע געזעצן זייער אָרט. מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז אַ קינסטלער ווענדעט זיך זייער אָפט צו דער נאַטור, זוכנדיק די נויטיקע פאַר אים געשטאַלטן. די נאַטור ווייזט אונדז אָפט פולקאמענע ביישפּילן פון קאָמפּאָזיציע-געבוי פון זאַכן. אַן אייגנגעבענע קאָמפּאָזיציע אין קונסט, וועלכע דאַרף אונטערשטרייכן די באַזונדערע רעליעפקייט פון ווערק, ניט אָפּווענדנדיק אים פון די רעאַלע גרענעצן, ווערט געוויינטלעך דערגרייכט אין רעזולטאַט פון לאַנגע זוכענישן און ענדערונגען אין די אָדער יענע פאָרמען פונם ווערק.

קלאָרקייט—דאָס איז דער יעסאָד פון יעדער אייגנגעבענער קאָמפּאָזיציע. יעדער שטריך דאַרף זיין קאָמפּאָזיציאָנעל באַרעכטיקט, האָבנדיק זיין באַשטימטן אָרט אין דער גאַנצער סיסטעם. אויב אינם ווערק פילט זיך אַן איבערפלוס פון דעטאַלן, איז מיט דעם אַליין ווערט קאָמפּליצירטער די קאָמפּאָזיציע, פאַרלירנדיק אַ סאַך פון איר קלאָרקייט, אויפפאַסונג און אויסדרוק. זאַכן, פערסאָנאַזשן און איבעריקע אַקסעסואַרן פונם ווערק זיינען עלעמענטן אין די הענט פונם קינסטלער, וועלכער באַזיצט דעם סאָד פון קאָמפּאָזיציאָנעלן סינטעז. אין די אינטערעסן פונם קאָמפּאָזיציע-סינטעז שטרייכט דער קינסטלער אונטער אין עלעמענט, אַרויסרוקנדיק אים אַפן ערשטן פּלאַן און פאַרטושירט די איבעריקע, לאָזנדיק זיי אַפן צווייטן און דריטן אָרט. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז דער קינסטלער שטיצט זיך דאָ ניט נאָר אַף זיין אַבסטראַקט-אינעווייניקסטן כוש, ניין. די געזעצן פון ריטמישער באַוועגונג און אַנטקעגנשטעלונג פון פאָרמען, וועלכע שפּילן אין קונסט אַן אויסשליסלעכע ראָל, באַשטימען אַמערסטן אויך דעמדאָזיקן כוש און כאַראַקטער פון קאָמפּאָזיציע. גוט לייזן אַ קאָמפּאָזיציע,—הייסט נאָך ניט גוט שאַפן אַ ווערק אינגאַנצן גענומען. אַף וויפל אַ קינסטלעריש ווערק כאַראַקטעריזירט זיך מיט אַ האַרמאָנישער צונויפגעפּאַסנקייט פון אַלע זיינע באַזונדערקייטן, אַף אַזוי פיל איז כוץ סטיל און קאָמפּאָזיציע שפּילט נאָך אַ גוואַלטיקע ראָל אויך די טעכניק פון אויספילן. דער באַגריף פון טעכניק גרענעצט זיך מיטן באַגריף פון האַנטווערקעריי. ס'איז נאָך ווייניק זיין אַ קינסטלער, דיכטער, דענקער, מע דאַרף אויך זיין אַ האַנטווערקער. זיין אַף דער הויך פון אַ טעכנישער פולקאָמקייט—הייסט ניט נאָר באַזיצן די מעלאָכע פון דער אייגענער קונסט, נאָר אויך גוט וויסן די אייגנשאַפטן פון די מאַטעריאַלן, וועלכע דו באַנוצסט. די אַלטע מאַיסטער פון מאָלעריי זיינען ניט נאָר געווען גרויסע קינסטלער, נאָר אויך גרויסע האַנטווערקער. ניט נאָר די אָפּטישע, נאָר אויך די כעמישע אייגנשאַפטן פון פאַרב האָבן זיי געוווּסט. דער סינטעטישער גלייכגעוויכט פון פאָרם און אינהאַלט אינם שאַפן פון דידאָזיקע מאַיסטער, דערקלערט זיך אַמערסטן מיט דערדאָזיקער פולקאָמער טעכניק פון דער מאָלערישער מאַיסטערשאַפט. און פאַרקערט: די ירידע פון דער איצטיקער מאָלעריי כאַראַקטעריזירט זיך מיט דעם אויספעלן פון אַזאַ סינטעטישער איינהייט. עס דערקלערט זיך אין אַ געוויסן זין מיט דעם, וואָס עס פעלן טעכנישע יעדיעס צווישן די מאָדערנע קינסטלער. עמעס, אַ סאַך פון די אַזויגערופענע „לינקע" קינסטלער, וועלכע זיינען אין די יאָרן פון מילכאָמע און רעוואָלוציע געגאַנגען אַפן וועג פון לאַבאָראַטאָריש דורכאַרבעטן די פאָרמעל-טעכנישע פּרינציפּן, האָבן וואָס ניט איז אויפגעטאָן אין דער הינזיכט, דאָך קיין סינטעטישע צונויפגיסונג פון פאָרם און אינהאַלט האָבן זיי ניט געגעבן און געבן ניט געקענט. אַף אַזאַ אופן איז קלאָר, אַז דער סטיל, די קאָמפּאָזיציע און טעכניק—זיינען די דריי ליוויאָסנס, אַף וועלכע עס האַלט זיך דער פאָרמעל-טעכנישער און עסטעטישער מעהוס פון אַ קונסט-ווערק.

*) אַ געזימס.

י. זשיוו.

# שמועסן וועגן עלעקטריפיקאַציע.

צווייטער אַרטיקל.

## באַוועגער.

### 1. קלאַסיפיקאַציע פון מאַשינעס.

קעדיי אויסצונוצן די ענערגיע, וועלכע געפינט זיך אַף דער ערד, האָט דער מענטש צוגעטראַכט פאַרשיידענע מאַשינעס. אָט די אַלע מאַשינעס, וועלכע פאַרנעמען איצט דעם אויבנאָן אין גאָר דער מענטשלעכער טעטיקייט, קאָן מען צוטיילן אַף צוויי גרויסע גרופן:

1) מאַשינעס-באַוועגער אָדער מאָטאָרן.
2) אַרבעט-מאַשינעס אָדער געצייג.

דער ציל פון די מאַשינעס פון ערשטן מין באַשטייט אין דעם, וואָס זיי נוצן אויס אַ וועלכע עס איז נאַטור-קראַפט, אַ וועלכן עס איז מין פון ענערגיע און פאַרוואַנדלען עס אין מעכאַנישע אַרבעט. דידאָזיקע אַרבעט ווערט אופגענומען דורך די מאַשינעס פון צווייטן מין, וועלכע אַרבעטן שוין אויס די אָדער יענע געגנשטאַנדן, אין וועלכע דער מענטש נויטיקט זיך.

נעמט, לעמאָשל, אַ וועלכע עס איז אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, לאָמיר זאָגן—אַ טעקסטיל-פאַבריק. איר באַגעגנט דאָרטן אַ דאַמף-מאַשין, וועלכע ברענגט אין באַוועגונג מיט דער הילף פון אַ גאַנצע ריי איבערגעבונג-מעכאַניזמען (טראַנסמיסיע) די שפּין און וועבשטולן. אָט די לעצטע אַרבעטן שוין דירעקט אויס די וועבעכץ און די שטאָפן. אין אונדזער ביישפּיל וועט די דאַמף-מאַשין פאָרשטעלן דעם באַוועגער, די שפּין און וועבשטולן די אַרבעט-מאַשינען. די דאַמף-מאַשין אַרבעט איבער די פאַרבאָרגענע כימישע ענערגיע, וועלכע געפינט זיך אין דעם הייץ-מאַטעריאַל אין מעכאַנישע אַרבעט, זי באַוועגט זיך און מיט דער הילף פון דער טראַנסמיסיע ברענגט זי אין באַוועגונג די שפּין און וועבשטולן, וועלכע, אויסנוצנדיק די באַקומענע פון דער דאַמף-מאַשין מעכאַנישע ענערגיע, פירן שוין דירעקט אויס די אויפגאַבע, וועלכע דער מענטש האָט געשטעלט פאַר דער פאַבריק, ד. ה. זיי גרייטן צו קאַרטון, צו, געוואַנט, צו פעדים.

אַ געמישטן טיפּ, ריכטיקער געזאָגט, אַ פאַראייניקונג פון די ביידע מינים מאַשינעס שטעלן מיט זיך פאָר די פאַרשיידענע טראַנספּאָרט-מיטלען—צוגן, שיפן, אַווטאָמאָבילן א. א. וו. אין אונדזערע שמועסן אינטערעסירט אונדז נאָר איין טיפּ פון די מאַשינעס—דער באַוועגער און אַף אים וועלן מיר זיך מער אויספירלעך טאַקע אָפּשטעלן אין דעמדאָזיקן אַרטיקל.

### 2. לעבעדיקע באַוועגער.

אין די אַלטע ציַיטן האָט אַלס איינציקער מיטל צו טאָן אַן אַרבעט, אַלס איינציקער מיטל פון באַוועגונג-קראַפט געדינט די מוסקול-קראַפט פון מענטשן און באַלעכאַיִם. די אַלע פאַרשיידענע מאַשינעס, וועלכע דער מענטש האָט צוגעטראַכט, קעדיי צו פאַרגרינגערן די אַרבעט זיך אָדער זיינע הויז-כאַיעס, האָבן ניט מיטגעהאָלפן, אַז דער מענטש זאָל קאָנען אויסנוצן די פאַרטיקע ענערגיע-אויצרעס, וואָס געפינען זיך אין דער נאַטור. די אַלע פאַרשיידענע הויבשטאַנגען, רעדער, שרויפן, קלינעס און אַנדערע גיבן נאָר אַ מעגלעכקייט דעם מענטשן צו פאַרקלענערן די מי, די אָנשטרענגונג, וועלכע ער לייגט צו צוליב אַ וועלכער עס איז אַרבעט, אָבער די באַקומענע אַרבעט וועט בעשום אויפן ניט ווערן גרעסער, איידער די אָפּגעטאָנענע אַרבעט. פאַרקערט, זי וועט טאָמיד זיין עטוואָס קלענער, מאַכמעס כויך די אַרבעט גופע דאַרף נאָך דער מענטש גיוווער זיין די רייבונג פון די פאַרשיידענע טיילן פונם געצייג, מיט וועלכן ער אַרבעט.

לאָמיר עס פאַנאַנדערקלייבן אַף אַ ביישפּיל. שטעלט זיך פאָר, אַז מע דאַרף אופהייבן אַפן צווייטן שטאָק אַ וועלכע עס איז מאַסע, וואָס וועגט 100 קילאָגראַם. מע קאָן עס טאָן אַף אַזאַ אויפן: דורכן פענצטער פון צווייטן שטאָק אַראָפּלאָזן אַ שטריק, צובינדן צו איר די מאַסע און פון פענצטער אַרופשלעפן עס אינדערהויך. מיט וואָס פאַר א קויעך דאַרף דער מענטש שלעפן אָט די מאַסע? קלאָר, אַז מיט אַ קויעך פון 100 קגר. דעם מענטשן איז אָבער שווער אַזאַ קויעך צוצולייגן. טראַכט ער צו א רעדל, אזא, וואָס הייסט הויב-ראָד (בלאָק).

צום העקל פון אונטערשטן רעדל בינדט ער צו די מאַסע, דעם אויבערשטן רעדל פאַרפעסטיקט ער נעבן פענצטער אומבאַוועגלעך, אַליין שטייט ער אונטן און שלעפט פאַר דער שטריק. די פּראַקטיק און אויך טעאָרעטישע כעשבונעס באַווייזן, אַז ער קאָן די מאַסע אופהייבן מיט דער הילף נאָר פון 50 קגר. ער געווינט אַף אַזאַ אויפן אין קראַפט קימאַט אין צוויי מאָל. אָבער דערפאַר מאַכט ער דורך אַ צווייענדיקן וועג, מאַכמעס, די שטריק, וועלכע ער דאַרף דורכפירן איבערן רעדל, איז אין צוויי מאָל לענגער, ווי די הויך ביזן צווייטן שטאָק. אַלזאָ, אויב ער האָט געווונען אין צוויי מאָל אין קראַפט, האָט ער אָבער די קראַפט אַף צוויי מאָל א לענגערן וועג צוגעלייגט, און אָט אָ דאָ האָט ער פאַרשפּילט פונקט אַזויפיל, וויפל ער האָט געווונען אין קראַפט. קיין איבעריקע אַרבעט, ניט אָפן כעשבן פון זיין אייגענער מוסקל-קראַפט, האָט ער ניט באַקומען. און דאָס איז אייגנטלעך גאַנץ פאַרשטענדלעך: קיין שום נאַטור-קראַפט האָט ער דערביי ניט אויסגענוצט, און באַקומען פון דער אייגענער אַרבעט מער, קאָן מען ניט, דאָס וואָלט הייסן: פון גאָרנישט באַקומען עפעס, פון גאָרנישט קאָן מען אָבער נאָר גאָרנישט באַקומען.

די אַלע מאַשינעס און געצייג, וועלכע די אַלטע האָבן אויסגענוצט, און פון וועלכע עס איז צוזאַמענגעשטעלט דער גרעסטער טייל אויך פון היינטיקע אַרבעט-מאַשינעס, זיינען גע-

בויט אפן סמאך פונם פאנאנדערגעקליבענעם ביישפיל. מע נוצט דורך זיי ניט אויס קיין פארטיקע ענערגיע-קוואלן. דער איינציקער באוועגער אין יענע צייטן איז געווען דער מענטש אָדער זיינע הויז-כאיעס.

מע קאָן זאָגן, אז דאן האָבן עקזיסטירט נאָר לעבעדיקע מאָטאָרן.

## 3. דער מענטש נוצט אויס פאַרטיקע ענערגיע פון דער נאַטור.

אין א געוויסער מאָס עקזיסטירן נאָך אָט די לעבעדיקע באוועגער אויך איצט, זייער ראָל אָבער אין דער ווירטשאפט ווערט אלץ קלענער און קלענער. דער מענטש געפינט ביסלעכווייז פארטיקע ענערגיע אין דער נאַטור און לערנט זיך אויס די דאָזיקע ענערגיע אויסנוצן, ווי עס באדארף צו זיין. לעכאטכילע געפינט ער אָט די ענערגיע אין פאַלנדיקן אָדער פליסנדיקן וואַסער (ווייסע קוילן) און ווינט (בלויע קוילן), שפעטער אין דער כימישער ענערגיע פון געוויקסן (האָלץ), נאָך שפעטער—אין דער באהאלטענער ענערגיע פון די אונטערערדישע אויצרעס פון שטיינקוילן און נאפט.

אָנשטאָט לעבעדיקע באוועגער ווערן אריינגעפירט מעכאנישע און וואַרעם-באוועגער. דער מענטש נוצט דער נאטור ארבעטן פאַר אים און ברענגען אין באוועגונג די געצייג אָדער ארבעט-מאשינעס, וועלכע ער האָט פריער אליין, מיט זיין אייגענער מוסקל-קראפט געבראכט אין באוועגונג.

ביסלעכווייז שאפט זיך א לאגע, אז די נאטור פארוואנדלט זיך אין דעם מענטשנס א דינסט, וועלכע פאָדערט פון אים דערהויפט אָנפירונג און אָנשטרענגונג פון סייכל-ענערגיע.

און אַזוי ווי די נאַטור-מעגלעכקייטן זיינען אַסאַך ווייניקער באַגרענעצט, ווי דעם מענטשנס קויכעס, קאָנען די מעכאַנישע באַוועגער אַנטוויקלען אַסאַך גרעסערע קרעפטן און קאָנען אין אַ געוויסער מאָס אויסוואַקסן ביז אַ ריזיקער מאַדרייגע.

ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייטן אָפצושטעלן זיך אַף אַלע מינים פון די איצטיקע באַוועגער, וואָס אַרבעטן איבער דירעקט נאַטור-ענערגיע און מעכאַנישע אַרבעט, וועלן מיר זיך אָפשטעלן נאָר אַף 4 מינים, וועלכע שפילן אין אונדזער אינדוסטריע די הויפטראָל. דאָס זיינען: הידראַווילישע וואַסער-באַוועגער, דאַמף-מאַשינעס, דאַמף-טורבינעס און באַוועגער מיט אינעווייניקסטער פאַרברענונג.

## 4. וואַסער-באַוועגער.

די אויסנוצונג פון וואַסער-ענערגיע, אַלס אַ טרייב-קראַפט, איז די מענטשן באַוווסט שוין זייער לאַנג. וואַסער-רעדער, אָט אַזעלכע, וועלכע מע קאָן נאָך איצט זען אין קליינשטעטלדיקע מילן (אַ ראָד, אַף וועלכן עס זיינען אָנגעזעצט לאָפעטקעס, די וואַסער פאַלט אַף די לאָפעטקעס און ברענגט דעם ראָד אין באַוועגונג), זיינען געווען נאָך באַוווסט אין מיצראַיִם, אשור, גריכנלאַנד און רוים. אויך אין אייראָפע האָט מען זיי אויסגענוצט אין דער צייט פון מיטלאַלטער. אַ מער אָדער ווייניקער אָבער ברייטע פאַרשפרייטונג האָבן די וואַסער-באַוועגער באַקומען נאָר אָנהייבנדיק פון 17-טן יאָר הונדערט.

די קאָנסטרוקציע פון וואַסער-באַוועגער האָט זיך צוטיילט אין צוויי ריכטונגען: וואַסער-רעדער, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט און וואַסער-טורבינעס, ווו די מאַשין דרייט זיך צוליב דעם, וואָס פון אַ גאַנצער ריי פון אירע רערן פליסט אַרויס אין באַשטימטע ריכטונגען וואַסער.

קוים אָבער האָבן וואַסער-באַוועגער זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפרייטן, האָט מען גלייך אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי צו מאַכן זיי מעכטיקער, קעדיי מע זאָל קאָנען אויסנוצן גרעסערע קוואַלן פון „ווייסע קוילן", וועלכע געפינען זיך אַף דער ערד אין גאַנץ באַדייטנדיקע סכומען.

זעט ווי עס וואַקסט די מאַקסימאַלע מעכטיקייט פון אַ וואַסער-טורבין:

| יאָרן | | מעכטיקייט אין פערד-קראַפט |
|---|---|---|
| 1880 | | 1000 |
| 1890 | | 3000 |
| 1900 | | 10000 |
| 1909 | | 18000 |
| 1912 | | 22000 |
| 1919 | | 37000 |
| 1922 | | 55000 |
| 1924 | | 70000 |
| 1925 | (עס בויען זיך) | 87000 |

איר זעט, ווי מעכטיק די וואַסער-באַוועגער זיינען אין פאַרגלייך מיט דער מוסקל-ענערגיע פון אַ מענטשן אָדער אַ פערד און וואָס פאַר אַ מוירעדיקע אַרבעט מע קאָן דורך די דאָזיקע באַוועגער אָפטאָן, אויסנוצנדיק די אומזיסטע ענערגיע פון פאַלנדיקן וואַסער.

האָבן אָבער די וואַסער-איינשטעלונגען איין וויכטיקן חסרון. ניט אַלע מאָל איז באַקוועם, ריכטיקער געזאָגט—מערסטנטיילס איז ניט באַקוועם אָפצושטעלן, די אונטערנעמונגען דאָרטן, ווו עס געפינען זיך די קוואַלן פון דער וואַסער-ענערגיע, ד. ה. דאָרטן, ווו מע מוז איינשטעלן די טורבין און צוליב אָט דער סיבע, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אין 18-טן יאָרהונדערט האָט מען שוין געקאָנט ניט שלעכט בויען וואַסער-באַוועגער, האָבן זיי קיין שטאַרקע פאַרשפרייטונג ניט באַקומען. אין דעם ערשטן אינדוסטריעלן לאַנד פון דער וועלט, אין ענגלאַנד, זיינען זיי געוואָרן גאַנץ גיך אַרויסגעשטויסן פון דער דאַמף-מאַשין, וועלכע איז צו יענער צייט דערפונדן געוואָרן. אין פאַרגלייך מיט די וואַסער-באַוועגער, האָט די דאַמף-מאַשין געהאַט אירע מאַילעס, וואָס מע האָט זי געקאָנט אַוועקשטעלן אַף יעדער פאַבריק, ווו עס האָט זיך געפאָדערט, און ברענגען אַהין איר עסנווארג—די קוילען אָדער אַן אַנדער מין הייץ-מאַטעריאַל.

נאָר ווען מע האָט אַנטדעקט עלעקטרע, ווען מע האָט זיך אויסגעלערנט מעכאַנישע אַרבעט צו פאַרוואַנדלען אין עלעקטרע און די דאָזיקע עלעקטרע איבערשיקן אַף ווייטע מעהאַלעכן, וועלכע

מעסטן זיך אויס מיט הונדערטער, קילאָמעטער, איז מוירעדיק אויסגעוואַקסן די אויסנוצונג און די אַנטוויקלונג פון וואַסער-באַוועגער.

אין דעם וואַסער-באַוועגער האָבן מיר אַזאַ טיפ פון באַוועגער, וועלכער אַרבעט ניט נאָר פון אומזיסטער ענערגיע, אָבער אויך אַזאַ, וועלכער פאַרוואַנדלט דעם גרעסטן טייל פון דער באַקומענער ענערגיע אין נוצלעכע אַרבעט. געוויינטלעך, גייט טאָמיד אַ טייל פון דער ענערגיע, וועלכע די מאַשין באַקומט, אַוועק אף נוצלאָזע אַרבעט. באַ דעם וואַסער-באַוועגער איז אָט די נוצלאָזע אַרבעט זייער קליין. די היינטיקע וואַסער-באַוועגער גיבן אָפּ ביז 88 פראָצ. פון גאָר דער ענערגיע, וואָס זיי האָבן באַקומען, אף נוצלעכע אַרבעט. מע זאָגט געוויינטלעך: זייער עקאָנאָמישער קאָעפיציענט איז גלייך 88 פראָצ.

פון דעם אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, ווערט קלאָר, ווי גרויס עס איז די באַדייטונג פון וואַסער-באַוועגער אין דער עקאָנאָמיק, אויב נאָר מיר וואָלטן עס קאָנען איבערגעבן אף ווייטע מערכאָקים. דאָס קאָן מען טאָן, ווי מיר האָבן שוין געזען דורך פאַרוואַנדלען די באַוועגונג-ענערגיע פון דעם וואַסער-באַוועגער אין עלעקטרע.

מיר שפּאַרן זיך איין אף אַזאַ אויפן ווידער אין דער פּראָבלעם פון עלעקטריפיקאַציע.

## 5. דאַמף־מאַשינען.

אין אַ מעשעך פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָט מען זיך געפּרווט צוטראַכטן אַפּאַראַטן, וואָס זאָלן אויסנוצן דאַמף אַלס א טרייב-קראַפט, און נאָר אין 18-טן יאָרהונדערט האָט דער ענגלענדער דזשעמס וואט דידאָזיקע אופגאַבע געלייזט. ער האָט קאָנסטרויִרט אַ דאַמף-מאַשין, וועלכע האָט אין די נאָענטסטע יאָרן נאָך איר דערפינדונג אַרויסגערופן מאַמעש אן איבערקערעניש אין דער גאַנצער עקאָנאָמיק און אינדוסטריע, אן איבערקערעניש, וועלכע עס האָט אַזוי גלענצדיק באַשריבן קאַרל מאַרקס אין זיין געניאַלן ווערק „קאַפּיטאַל“.

דער ציל פון אונדזערע שמועסן איז ניט באַקאָנט צו ווערן מיט די טעכנישע איינצלהייטן פון דעם אָדער יענעם באַוועגער. אָבער וואָס גיט אונדז די אָדער יענע מאַשין אין זין פון ראַציאָנעלער אויסנוצונג פון די נאַטור-רעסורסן, ווי האַלט עס אין דעם זין מיט אַ דאַמף-מאַשין?

די דאַמף-מאַשין האָט אַ ריי וויכטיקע מאַילעס, וועלכע האָבן זי געמאַכט פאַר קימאַט די איינציקע הערשערן צווישן די באַוועגער אין 19-טן יאָרהונדערט. זי האָט איר שליטע פאַרשפּרייט ניט נאָר אַף פאַבריקן, אָבער אויך אַפן טראַנספּאָרט, סאַי דעם יאַבאָשע-טראַנספּאָרט, סאַי דעם וואַסער- טראַנספּאָרט.

אין וואָס זשע באַשטייט אָט די מאַילעס אירע?

1) מע קאָן זי לייכט און קימאַט אין אַלע ערטער אויסנוצן.

2) דעם אויוון קאָן מען הייצן מיט אַלערליי מינים פון הייץ-מאַטעריאַל. דאָס דערלויבט ניט נאָר אויסנוצן אָרטיקע הייץ-מאַטעריאַלן, אָבער אויך לייכט פאַרבייטן איין מין באַהייצונג, ווען אין אים פילט זיך אַ מאַנגל, מיט אַ צווייטן מין.

3) די דאַמף-מאַשינעס קאָן מען בויען קליינע, אָנהויבנדיק פון עטלעכע פערד-קראַפט, און גרויסע, ענדיקנדיק מיט טויזנטער פערד-קראַפט.

4) דעם דאַמף, וועלכער אַרבעט זיך אויס אין קעסל, קאָן מען איינצייטיק אויסנוצן אויך צוליב טעכנישע צוועקן, ווי עס פאָדערט זיך א מאָל אַף אונטערנעמונגען, (לעמאָשל, אף טעקסטיל-פאַבריקן, ווו מע טריקנט די פאַבריקאַטן מיט דער הילף פון טרוקענעם דאַמף).

קאָלזמאַן קיין בעסערע באַוועגער כוץ דער דאַמף-מאַשין זיינען ניט געווען, האָט זי געהערשט אומבאַגרענעצט אין דער ווירטשאַפט. מיט דעם ווייטערדיקן וווקס אָבער פון דער וועלט-אינדוסטריע האָבן זיך אַלץ מער און מער אָנגעהויבן פילן אירע כעסרוינעס.

אין וואָס זשע באַשטייען דידאָזיקע כעסרוינעס?

פריער פאַר אלץ אין דעם, וואָס דער עקאָנאָמישער קאָעפיציענט פון דאַמף-מאַשינעס איז זייער קליין. אין דער דאַמף-מאַשין פאַרוואַנדלען מיר די וואַרעמקייט פונם פאַרברענטן הייץ-מאַטעריאַל פריער אין דאַמף, און די עלאַסטישקייט פונם באַקומענעם דאַמף ברענגט שוין די קאָלבע אין באַוועגונג. מיר דאַרפן צוליב דעם האָבן קעסלען, ווו מע וואַרעמט אָן די וואַסער-רערן, וועלכע פירן דעם דאַמף צום צילינדער, אַרויספיר-רערן, וועלכע פירן אָפּ דעם אָפּגעאַרבעטן דאַמף אין אָפּקילער, ווו ער פאַרוואַנדלט זיך אין וואַסער. די וואַרעמקייט גייט אַוועק ניט נאָר אף אָנצוּוואַרעמען דאָס וואַסער אין קעסל, אָבער אויך אף אָנצוּוואַרעמען נוצלאָזן זיינע ווענט און די רערן. די וואַרעמקייט פונם אָפּגעאַרבעטן דאַמף ווערט אין דער גרעסטער מאָס פאַרפאַלן. אָט די אַלע סיבעס ווירקן אף דעם, אז דער סכום פון נוצלאָזער ענערגיע זאָל זיך שטאַרק פאַרגרעסערן.

דער עקאָנאָמישער קאָעפיציענט פון די בעסטע מאָדערנע דאַמף-מאַשינעס דערגרייכט קוים ביז 16 פראָצ., ד. ה. אַז פון יעדע 100 קילאָגראַם פון פאַרברענטן הייץ-מאַטעריאַל גייט אַוועק אף נוצלעכע אַרבעט נאָר 16 קגר., די איבעריקע 84 קגר. ווערן ניט אויסגענוצט און ווערן נאָר אומזיסט פאַרברענט. אויב איר זאָלט צו דעם צוגעבן דעם גרויסן אָרט, וועלכן אַ דאַמף-מאַשין מיט אַלע אירע באַדינענדיקע טיילן פאָדערט, וועט איר קומען לייכט צום אויספיר, אַז האַגאַם דידאָזיקע מאַשין איז גאַנץ באַקוועם, איז זי אָבער זייער ניט שפּאָרעוודיק.

און אין אונדזערע צייטן, ווען (ווי מיר האָבן שוין דערציילט אין אונדזער ערשטן אַרטיקל) עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז מע דאַרף שפּאָרן ענערגיע, קאָן שוין אונדז די דאַמף-מאַשין ניט באַפרידיקן. דערהויפּט דאַן, ווען מע מוז געברויכן אַזעלכע ווערטבאַרע סאָרטן פון באַהייצונג, ווי שטיינקוילן אָדער נאַפט.

## 6. דאַמף־טורבינעס.

אין די זוכענישן פון מער עקאָנאָמישע באַוועגער איז די טעכניק אַוועק אף צוויי וועגן. איינער פון די דאָזיקע וועגן איז באַשטאַנען אין אויסנוצן, ווי אויך אין אַ דאַמף-מאַשין, דאַמף, אָבער אין א מער פאַרפּולקאָמטער מאַשין, וועלכע הייסט דאַמף-טורבין.

דער הויפּט-אונטערשייד צווישן אַ דאַמף-מאַשין און אַ דאַמף-טורבין באַשטייט אין דעם, וואָס די לעצטע ווערט געבויט אַפן זעלביקן אויפן, ווי וואַסער-טורבינעס אָדער וואַסער-רעדער. מע ווערט דאָ פּאָטער פונם דאַמף-צילינדער און זיין קאָלבע. דער דאַמף גופא ווירקט אַף די לאָפּעטקעס פון ראָד און ברענגט אים דירעקט (אָן אנדערע הילף-צופּאַסונגען) אין באַוועגונג. דאָס אליין פאַרגרעסערט שוין אַף עטלעכע פּראָצענט דעם עקאָנאָמישן קאָעפיציענט פון דער מאַשין.

דער קעסל אָבער, דער אָפּקילער א. א.וו. בלייבן, און דעריבער פאַרגרעסערט זיך דערדאָזיקער קאָעפיציענט ניט אַף קיין סאַך. ער דערגרייכט ביז עטלעכע און צוואַנציק פּראָצענט. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס די אָפּשפּאָרונג איז ניט גאָר קיין גרויסע, האָט עס דאָך אַ וויכטיקע באַדייטונג אין אינדוסטריע.

דאַמף-טורבינעס האָבן נאָך איין גרויסע מאַילע אין פאַרגלייך מיט דאַמף-מאַשינען. זיי פאַרנעמען אַסאַך ווייניקער אָרט און קאָנען ווערן געבויט אַף אַ סאַך אַ גרעסערער מעכטיקייט. אַ דאַמף-טורבין אַף 80-90 טויזנט פערד-קראַפט איז היינטיקע צייטן ניט קיין וואונדער. האָבן זיי אָבער אַזאַ קאָלאָסאַלע מעכטיקייט, לוינט זיי אויסנוצן צוליב עלעקטריפיקאַציע, וועלכע באַזירט זיך אַף אָרטיקן הייץ-מאַטעריאַל. און מיר זעען טאַקע, אַז די לעצטע צייט ווערן די אַלע גרויסע עלעקטרישע סטאַנציעס, וואָס אַרבעטן אַף דאַמף, באַזאָרגט מיט דאַמף-טורבינעס. אַ באַדייטנדיקע ראָל שפּילן דאַמף-טורבינעס אויך אַף שיפן, ווו, פאַרנעמענדיק ווייניקער אָרט, איידער דאַמף-מאַשינען, פאַרגרעסערן זיי דעם אַלגעמיינעם נוצלעכן טאָנאַזש פון שיף.

## 7. גאַז־באַוועגער.

דער צווייטער וועג, אַף וועלכן די טעכניקער זיינען געגאַנגען אין זייערע זוכענישן נאָך מער שפּאָרעוודיקע באַוועגער, איז באַשטאַנען אין דעם, צי קאָן מען ניט אַף וועלכן עס איז אויפן פאַרברענען דעם הייץ-מאַטעריאַל אין צילינדער גופא אַף אַזאַ אויפן, אַז די קאָלבע זאָל זיך אין צילינדער באַוועגן אונטערן דרוק פון די גאַזן, וועלכע עס גיט דער פאַרברענטער הייץ-מאַטעריאַל. אַזוי אַרום וואָלטן מיר זיך געקאָנט באַגיין אָן אַזאַ פאַרמיטלער, ווי וואַסער, וועלכער נעמט צו אַסאַך איבעריקע ענערגיע, און, פאַרשטייט זיך, אָן אַ קעסל. דאָס וואָלט געוויס פאַרגרעסערט דעם עקאָנאָמישן קאָעפיציענט פון מאַשין.

דידאָזיקע זוכענישן האָבן געהאַט אַ פולקאָמען דערפאָלג ניט דער דערפינדונג פון באַוועגער, וועלכע געברויכן נאָר פליסיקע אָדער גאַזאַרטיקע באַהייצונג, און ווו דער הייץ-מאַטעריאַל ווערט פאַרברענט אין צילינדער גופא. צווישן די אַלע פאַרשיידענע סיסטעמען האָבן די גרעסטע באַדייטונג די באַוועגער מיט אינעווייניקסטער פאַרברענונג. אַן אויסמיש פון אָפּט און לופט ווערט אַריינגעלאָזן אין צילינדער אונטער אַ שטאַרקן דרוק, וועלכער הייבט אויף די טעמפּעראַטור ביז אַזאַ גראַד, אַז דער אויסמיש צינדט זיך אָן, און געפינענדיק זיך אין אַ פאַרמאַכטן פון אַלע זייטן אָרט, רייסט ער אויף, ווי פּולווער אין אַ פּאַטראָן. דער אויפרייס פונם אויסמיש גיט אַ ריי גאַזן, וועלכע שטרעבן צו פאַרברייטערן זיך און הייבן אויף די קאָלבע. אַראָנק דער שוואונג-ראָד לאָזט זיך די קאָלבע אַראָפּ צוריק, ווו באַם סאַמע סאָף וואַרט אַף איר ווידער אַן אויפרייס א.א.וו.

אָט דאָס איז אין קורצע שטריכן דער „סייכל" פון דעם נייעם באַוועגער.

זיינע מאַילעס זיינען קלאָר. ער איז קימאַט טאָמיד פאַרטיק צו דער אַרבעט, מען דאַרף ניט האָבן ניט קיין קעסל, ניט קיין גאַנצע סיסטעם פון דאַמף-רערן, ניט קיין אויוון. ער פאַרנעמט ווייניקער אָרט און פאָדערט ווייניקער באַדינערשן פּערסאָנאַל. דער עקאָנאָמישער קאָעפיציענט זיינער דערגרייכט ביז 35-40 פּראָצ., ד. ה. ער איז אין צוויי מאָל מער שפּאָרעוודיק, איידער אַ דאַמף-באַוועגער.

ניט אומזיסט האָט ער באַקומען אַזאַ פאַרשפּרייטונג אַף שיפן, אַווטאָמאָבילן און אין אַוויאַציע.

צו זיינע כעסרוינעס דאַרף מען צורעכענען דאָס, וואָס ער פאָדערט נאַפט—דעם טייערסטן סאָרט פון באַהייצונג—און זיין גרויסע מעכטיקייט, וועלכע איז דערווייל דערגרייכט געוואָרן, שטייגט גיט אריבער א פּאָר צענדליק טויזנט פערד-קויכעס אין דער צייט, ווען דאַמף-טורבינעס קאָן מען בויען אַף 100.000 פערד-קראַפט און מער.

## 8. סאַכאַקל.

מיר זעען, ווי ביסלעכווייז גייט דער מענטש אַלץ ווייטער, צוטראַכטנדיק מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען די נאַטור אין זיינע אַ געטרייע און געהאָרכזאַמע דינסט. ער שטרעבט ניט נאָר אויסנוצן די פאַרטיקע קוועלן פון ענערגיע, וועלכע די נאַטור פאַרמאָגט, ער שטרעבט זיי אויסנוצן וואָס שפּאָרעוודיקער און באַקוועמער. און איר זעט, אַז וואָס ווייטער עס אַנטוויקלט זיך די טעכניק, אַלץ גרעסער איז דער עקאָנאָמישער קאָעפיציענט פון די באַוועגער, אַלץ ווייניקער אָרט פאַרנעמען זיי, אַלץ קאָנצענטרירטער ווערט די גרונט-קראַפט, וועלכע ברענגט די אַרבעט-מאַשינעס אין באַוועגונג.

דער מענטש באַפרידיקט זיך שוין ניט מיט די באַוועגער, וועלכע ער האָט געפונען. ער שטרעבט צו עמאַנסיפּירן זיך, ווי ווייט מעגלעך, אויך פונם הייץ-מאַטעריאַל. ער וויל אויסנוצן דירעקט די אויסשטראַלונג-ענערגיע פון דער זון. די לעצטע יאָרן זיינען געמאַכט געוואָרן אַ ריי פּרוון צו קאָנסטרוירן זון-באַוועגער. עס קאָן קיין שום ספייקעס ניט זיין, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן זיך דידאָזיקע פּרוון פאַרענדיקן מיט פולשטענדיקן דערפאָלג.

דאָס וועט זיין אַ גרויסע דערגרייכונג, דאָס וועט אָבער דאָך ניט באַפרייען דעם מענטשן פון אויסנוצן די קוואַלן ענערגיע, וועלכע ער עקספּלואַטירט אַצינד, מאַכמעס זון-באַוועגער וועלן קענען אַרבעטן נאָר אין די וואַרעמע און טראָפּישע געגנטן.

איצט שטייט פאַר דער טעכניק און פאַר דער עקאָנאָמיק פון אינדוסטריע די אויפגאַבע, וואָס מער ראַציאָנעל אויסנוצן די

ענערגיע-קוואַלן, וועלכע מיר באַזיצן. אָבער אויסנוצן ראַציאָנעל — הייסט קאָנצענטרירן די באַוועגונג-קראַפט אין אַ מעגלעכסט קלענערער צאָל ערטער (מע דאַרף געדענקען, וואָס מעכטיקער די מאַשין איז—אַלץ ווייניקער הויצאָעס פאָדערט זי אַף יעדער פערד-קראַפט, אַלץ עקאָנאָמישער איז זי!) אַזאַ קאָנצענטראַציע איז מעגלעך נאָר, אויב מיר וועלן פאַרוואַנדלען די ענערגיע פון באַוועגער אין עלעקטרישע ענערגיע.

ווי אַזוי זשע באַקומען מיר עלעקטרע און מיט וואָס איז זי באַקוועמער פאַר אַנדערע מינים ענערגיע?

וועגן דעם וועלן מיר שמועסן אין דריטן אַרטיקל.

---

י. בראָנשטיין.

# ביבליאָגראַפישע נאָטיצן.

## I. אַף זויבער פון שנייען.

ה. לייוויק.—שניי אַראָפגעפאַלענער. פאַרלאַג „שול און בוך" מאָסקווע 1925).

———

„עס קען זיך דאך טרעפן,
אז מענטשלעכעס הארץ זאל זיי טוליען —
די בלוטיקע ווייען,
אַז מענטשלעכער בליק זאָל זיי איינציקוויַיז קלייבן
פון זויבער פון שנייען
די טראפנס די רויטע"...

ר. האָפשטיין.

דער סאָד פון „זעגענען זיך מיט זיך אַליין"—אָטאָ דער קלוגער לעבנסאָד—מאַשמאָעס, ער ווערט אַנטפּלעקט בלויז פאַר אויסדערוויילטע.

יעדע רעגע, יעדן אויגנבליק הערן אין זיך און אַרום זיך דעם פלייץ פון צייט, פילן יעדן פרימאָרגן ווי עס שיילט זיך די הויט פון וועלט און מענטש און אַלץ ענדערט זיך און געזעגנט זיך מיט זיך אַליין,—מאשמאָעס, אַז ניט יעדן דורכשניטלעכן דיכטער איז עס געגעבן געוואָרן צו זעען.

לייוויק—ער האָט עס אַזוי קלאָר, אַזוי בוילעט געזעען, און אַזוי טיף, אַזוי רירנדיק פאַרצייכנט עס אין זיין פאָרוואָרט צו „שניי אַראָפגעפאלענער".

„אַ שאָד וואָס א מענטש קען ניט זעגענען זיך מיט
זיך אַליין.
ווי וואָלט איך געוואָלט צו זיך אליין אויסשטרעקן
אַ האַנט פון אָפשייד.
איבער דער פאַרגליווערטער הויט פון מיינע שנייען—
דער שאָטן פון מיין אויסגעשטרעקטער האַנט.
האַנט פון אָפשייד—שאָטן פון לעצטן עפשער אויס-
שטרעק".

לייוויקס ביינערדיקע, אויסגעשטרעקטע האַנט פון אָפשייד—ס'איז אויסגעשטרעקטע האַנט פון באַהעפטונג, פון נייער באַהעפטונג מיט נייער באַנייטער וועלט און מיט נייעם באַפרישטן מענטשן—מיט אונדז אַלעמען.

און אַזוי גוט איז אצינד, צוזאַמען מיט לייוויקן שטעלן זיך אין אַן „אָקטיאַברדיק-זומערדיקן לאַנד", אונטער אַ רעגן פון ווייסע בליונגען:

„בלי, אָקטיאַבר, שיט מיט ווייסע בליונגען איבער
אַלעמענס אַקסלען, איבער די ברעמען פון אַלעמענס
אויגן.
און אויך איבער מיינע".
— און אויך איבער מיינע!
— און איבער מיינע!
— און איבער אַלעמען אונדז!

* *
*

„לאַנג שוין, לאַנג שוין זיינען מיינע שנייען—מיינע
לידער—אַרויסגעפאַלן, אַראפגעפאַלן.
ליגן אויסגעשפרייט מיינע אַראָפגעפאַלענע שנייען
איבער די טעג פון מיין לעבן--מיינע ווינטערס—
און גליווערן.
פראָסטיקע הויטן-פאַנצערס
ווייס, גלאָזיק און שוידערדיק".

אַזוי איז אוועק איבער אונדזער ליטעראַטור דאָס געפליגלטע וואָרט: לייוויקס ווייסקייט. לייוויקס פראָסטיקע ווייסקייט.

איך ווייס ניט, עפשער פון שטאַנדפונקט פון פאַרב, פון מאָלערישן פענזל איז בלויז איין ווייסקייט פאַראַן—די פראָסטיקע ווייסקייט.

נאָר איינס ווייס איך יאָ: ניט גערעכט איז געווען אונדזער פלאַמיקער פערעץ, ווען ער האָט אָפגעפאַקסנט: „קלאָר איז שניי און שניי איז קאַלט".

ס'זיינען פאַראַן זודיקע שנייען, וואָס בריען אייך די פיס, פיל הייסער איידער די זאַמדן פון דאָרעמדיקער וויסטעניש, פאַראַן איז אַ „פייערדיקע ווייסקייט" און אַף זויבער פון שנייען פאַראַן—„אַ שנירעלע בלוט-טראָפנס העלע און ריינע".

אַף פאַרשנייעטע סיבירער וועגן, אַף פראָסטיקע גלאָזן פון ביזנעסדיקע קאַפּיטאַליסטישע ניויאָרקן און טשיקאַגאָס קאָנט איר זיי געפינען די „בלוט-טראָפנס העלע און ריינע"—לייוויקס דיכטערישע שורעס.

יאָ, לייוויקס ווייסע און קלוימערשט „פּראָסטיקע" שורעס!
אַז מע פֿאַרגלייכט לייוויקס דיכטונג-פּראָצעס מיט, לעמאָשל, האָפּשטיינס, פילט מען אָט די „פֿייערדיקע ווייסקייט". פֿאַר האָפּשטיינען איז דיכטונג אַ זוניקער, פֿריידיקער עסטעטישער פּראָצעס פֿון אויסוואַרעמען ערגעץ אין דער טיף „זילבערנע זאַצן" פֿון „לויטער קרישטאָל".
האָפּשטיין שרייבט:

„פֿון ווייען, פֿון ליידן
נאָך קענסטו
באַקומען
אַ שנירעלע שורעס
געריימטע,
געפּרעסטע".

האָפּשטיינס ליטעראַרישע שול „באַלזאַמירט" שורעס מיט עסטעטישע געווירצן.
לייוויקס דיכטונג-פּראָצעס—ס'איז אַ פּראָצעס פֿון פּאַלמעסן, ווו אָנשטאָט „אַ שנירעלע שורעס, געריימטע געפּרעסטע" זעען מיר ווי

„דין פֿון דעם האַרץ דעם דערמאָרדעטן
ציט זיך אַ שנירל פֿון בלוט".

לייענט אויפֿמערקזאַם לייוויקס שורעס—וועט פֿאַר אייך אויסוואַקסן די שטרענגע פיגור פֿון אַ דיכטער „מיט אַ מעסער אין די ציין", אַ דיכטער, וועלכער ניט ער באַלזאַמירט, נאָר ער שניידט שורעס.

„ניט מיט קיין מעסער צווייִשאַרפֿיקן
אויך ניט מיט גיפֿט, מיט קיין קויל,
זילבן אַ פּאָר נאָר צוריסענע
פֿון אַ פֿאַרגליווערטן מויל"...

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט געפֿינט זיך די באַזונדערע, לייוויקישע באַציִונג צום וואָרט, ווי צו אַ לעבעדיקן בלוטפֿולן גוף און ניט ווי צו אַ קאַלטן מאַרמאָרנעם פּיעדעסטאַל. דער דיכטער קומט ניט צושפּילן זיך מיט ווערטער-שפּיל. ווייל ער ווייסט:

„ווערטער האָבן העלדזער, קעפּ,
ווערטער האָבן בריסט און צעפּ,
בלוט צוזאָדענע און שטראָמען,—
אין דער רויטקייט פֿון די שטראָמען
פֿאַרב די העק און פֿאַרב די לאָמען
ברודער, ברודער".

אַזוי לאָזט זיך דער דיכטער מיט רויט-געפֿאַרבטער האַק.
וווהין?
נאָך וואָס?
ער ווייסט נאָך אַליין ניט דערווייל. ער ווייסט: ער האָט אַ שליכעס, אויסדערווילט איז ער. נאָך יינגלווייז האָט ער דעם פֿאַרגעפֿיל—עמעץ רופֿט אים: „שמואל, שמואל!".

„און איך, דער ערשטער, וועל דערזען דאָס וווּנדערלעכע גרויסע
און מער פֿון מענטשן שוין ניט קענען עס פֿאַרבאָרגן;
פֿון טיר צו טיר, פֿון שויב צו שויב וועל איך זיך לאָזן קלאַפּן
און אנזאָגן דעם ליכטיקן פֿרימאָרגן.
איך ווייס ניט, ווער עס האָט מיך אויסדערווילט פֿון אַלע,
און פֿרעמד, פֿאַרשעמט פֿון אַלעמען דערווייטערט;
אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ האָב איך, פֿאַר גוט עס אָנגענומען,
מיין יוגנט אין דערוואַרטונגען געלייטערט..."

דערדאָזיקער געפֿיל פֿון אויסדערווילטקייט האָט קיין שום שאַיכעס ניט צום באהעמיש-פּאַיאַצישן „אַני שלוימע", וואָס איז אַזוי פֿאַרשפּרייט געווען צווישן אונדזערע דעקאַדענטן און פֿוטוריסטן פֿון אַלערליי מינים פֿאַר די לעצטע יאָרן.
דער דיכטער דערהויבט זיך דאָ צו דער אַמאָליקער גרויסער געשטאַלט פֿון אַ נאָווי—דיכטער (פֿאַרשטייט זיך, ניט אין באַלעבאַטישן זין פֿון וואָרט).
ניט וואָרט-זשאָנגלער און געפֿילן-זשאָנגלער, נאָר פּלאַמיקער וועגווייזער פֿון זיין דאָר. און אַ פּאָשעטער איז ער — דער דיכטער—נאָווי. די אויסדערווילטע דיכטערישע פּאַשטעס—זיין צייכן.

„וועט קיינער ניט וויסן צו לאָזן זיך
גיין מיר אַנטקעגן,
צופֿוס וועל איך קומען אין קליידער
צעווייקטע פֿון רעגן ...
אַ מאַך מיט דער האַנט וועל איך געבן
צו ערד זיך פֿאַרנייגן, —
וועט יעדער דערפֿילן: עס ווערן
אים אָפֿן די אויגן" ...

נאָר שווער איז דער וועג פֿון אויסלייזונג. און גרויס איז די שליכעס פֿון דעם, מיט דער רויטער האַק. ווייל אַ צווייענדיקע דאַרף זיין די אויסלייזונג — פֿריער אויסלייזן זיך גופֿא און דערנאָך אַלעמען.

„יאָ, איך בין דאָס דער, וואָס דאַרף קומען
און בין נאָך אַליין ניט דערלייזט"...

הויבט זיך אָן קודעמקאָל דער פּראָצעס פֿון זעלבסט-אויסלייזונג. פֿאַרמאָסטן איז די רויט-געפֿאַרבטע האַק.
ס'וועט ווייי טאָן?
זאָל ווייי טאָן. ווייל,

„עפּעס גרויסעס וווּנדערלעכעס
וועט פֿון ליידן קומען"...
„דורך טרויער מוז קומען, דורך ווייטאָק
דאָס נייע דערוואַרטעטע קינד".

אָטאָ דער מאָטיוו פֿון „לייטערן זיך דורך ליידן" גייט אַדורך ווי אַ רויטער שנור איבער לייוויקס לידער. ווידער אַמאָל, ס'איז ניט קיין ליטעראַריש-קליינשטעטלדיקער מאָדע-דעמאָנאָזים, דאָט זיינען די ווייען פֿון געבורט — דער אָנזאָג פֿון אַ נייעם דערוואַרטעטן קינד.
הויבט אויף זיך די האַק און לאָזט זיך אַראָפּ — אַף זיך אַליין — אַפֿן דיכטער.
דער דיכטער לייטערט זיך אין פֿייער.

ער צינט אונטער זיין אייגן הויז, ווען ס'באַווייזט זיך נאָר דער ערשטער שימל-שוואָם אַף דער וואַנט.

„איך זיץ מיר אין ברענענדן שטול
און וויג מיך אַהער און אַהין
עס פֿאַלט אַף מיין קאָפּ, אַף מיין האַרץ
דער אַש פֿון דער ווייסער גאַרדין"...
„שטיי און קוק ווי עס פֿאַלן אַ וואַנט נאָך אַ וואַנט
עס פֿאַרלעשט זיך דער איינציקער שיין:
אַ באַפֿרייטער פֿון אַלץ, אַ דערלייזטער פֿון אַלץ,
אַף דער אַשיקער ערד שלאָף איך איין..."

דערדאָזיקער שלאָף — ס'איז אַ געזונטע זיסע מידקייט נאָך אַרבעט און דער אַש — ס'איז אַ וואָילער באַמיסטיקונג-מיטל — אַף אַשיקער ערד גייען געדיכטע אויף גראָזן!

אַ באַפֿרייטער פֿון „היימישע שמאַטקעס" קומט דער דיכטער צו זיינע ניט באַפֿרייטע ברידער. ער גלויבט אין זיך און אין זיינע ברידער:

„איך ווייס אין יעדנס האַרץ איז דאָ
אַ ליכטיקייט, אַ שיין:
אַף וועלכן שוועל דו זאָלסט ניט שטיין,
קלאַפּ אָן און גיי אַריין".

דאָס וויכטיקסטע איז אַנטפּלעקן אָט אָ דאָס האַרץ פֿון וועלט. און אַז אַנטפּלעקט, —

„כ'האָב אַנטפּלעקט דאָס האַרץ פֿון דער וועלט,
אַנטפּלעקט און אין סאַמען מיטן
מיט מיין קאָפּ, מיט מיין פֿאַרשאָלטענעם
מיט מיין פֿאַרשאָלטענעם קאָפּ זיך אריינגעשניטן
בעפּיירעש אַזוי: מ י ט ן  ק אָ פּ  א י ן  ה אַ ר ץ  פֿ ו ן  ד ע ר  וו ע ל ט!

הייסער בלוט-שטראָם פֿון וועלט-האַרץ און סקעפּטישע קעלט פֿון הויכע שלייפֿן-ווינקלען — ס'איז דער פֿאָן אַף וועלכן עס וויקלט זיך פֿאַנאַנדער די עפּאָפּייע פֿון דעם דיכטערס ליידן און ספּייקעס.

דער דיכטער קאָן זיין וועלט — אַ ז אַ וו ע ל ט — ניט אופֿנעמען. „מיט דער הויט צוזאַמען רייסט ער אַרונטער אַלע פאַרבן" פֿון דער געפֿאַרבטער קאָסמעטיק-וועלט — וויל עס די געפֿאַרבטע וועלט ניט ליידן. וואַרפֿט מען שטיינער אין דיכטער.

„און גרויס וועט זיין דאָס געזעמל אַרום דיר
און רויט דאָס לאַכן פֿון מיילער"...

אַזוי קומט דער דיכטער אין קאָנפליקט מיט דער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ער לעבט.

אַ גרויסע סודע, אַן אויסלייזונג-סודע, וויל פראַווען דער דיכטער פֿאַר דער וועלט.

„ליגן ניס און וויינטרויבן —
עפּשער גיין נאָך ווייַן"?
צו וואָס וויין? סאַי ווי סאַי,
„די וואָס קענען טרינקען פֿיל,
אַף דער סימכע פֿעלן.
קלעזמער שפּילן אַ קאַדריל
און זיי ווערן שטיל".

דאָס ליד פֿון געגרייטע טישן—פֿאַריינזאַמטע—
ס'איז אַ שוידערלעך ליד!

ניטאָ קיין סימכע אַף דער סודע, ווייל ניטאָ קיין סימכע פֿאַר דער וועלט פֿון ניויאָרקער בירזשע און פּאָרוועררטס-בלאָטע—

„זיצן מענטשן גרופּנוויז, ריידן, עסן, טרינקען טיי.
איינער עסט פֿין יויצע וועגן און דער צווייטער עסט פֿאַר צוויי...
ווער די אויגן וויל באַהאַלטן און צוגלאָצט זיי גלאָט אַזוי
ווערן ענלעך אַלע אויגן—אויסגעגלאָצטע אויגן צוויי"...

דענסטמאָל, פּאָנימעלפּאָנים מיט „אויסגעגלאָצטע אויגן", הויבט דער דיכטער פֿילן זיין איינזאַמקייט.

„איינזאַם בין איך, איינזאַם איז מיין לעבן אייביק"...

דענסטמאָל צינט ער אָן האַזקאָרע-ליכט אין זיין הויז —

„ברענען ליכטלעך אין די לייכטער
שטיל אין הויז
טוט אַ האַנט אַ דריי די ליכטלעך
לעשט זיי אויס.
רירט זיך צו צו זיי אַ צווייטער,
צינט זיי אָן —
ליגט די מאַמע אין טאַכריכים
אָנגעטאָן".

צו אַף לאַנג אָטאָ די טאַכריכים און אָטאָ די ליכטלעך? עס קלאַפּן שוין אין שויב אָן זיינע — דעם דיכטערס „צוקונפֿטיקע קינדער". זיי קומען אָן פֿון „געפֿלינדער פֿון געפֿלאַקער" אין רויטע בלוט-געפֿאַרבטע העמדלעך.

דער דיכטער וועט ניט ביישטיין. דער דיכטער וועט אופֿפראלן!

„עפּעס הויב איך אָן פֿאַרשטיין אַזוינס,
וואָס פריער האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען...
אַלע עקן פֿון דער וועלט, דערוע איך, ווי זיי גייען זיך צוזאַמען.
איך בין ווידער באַ אַן אָנהויב, באַ אַ מיטן באַ א סאָף פֿון א געפֿלינדער, —
אַ געפֿלינדער אַ געפֿלאַקער פֿון פֿאַרטאָגעדיקע קיילעכדיקע פלאַמען,
וואָס עס צינדן פֿון באַליידיקונג און צאָרן מיינע צוקונפֿטיקע קינדער..."

די „צוקונפֿטיקע קינדער" האָבן מיט לייוויקן זיך באַגעגנט אַף דער אַשיקער ערד פֿון ניירוסלאַנד, פֿון סאָוועטנלאַנד.

אין זיין לאַנד, געלויטערטן אין פלאַמען.

אַף זיין סימכע—די סימכע פֿון זיינער און וועלטס-פֿיינלעכער אויסלייזונג — זיינען איצט געקומען זיינע אויסגעטרוימטע קלעזמער מיט וו י כ ע ר ד י ק ן  ק אַ ד ר י ל, עס זיינען געקומען די, „וואָס קענען טרינקען פֿיל".

אַללאָ, לייוויק, לעכאַים!

## II. צווישן פּאָעזיע און ריטאָריק.

(כ. גילדין. לעניניאַדע, פּאָעמע. פֿאַרלאַג קניהאספּילקא 1926.)

באַם קומענדיקן, באַם ערנסטערן ליטעראַטור-פֿאָרשער וועט עס אָן שום ספֿק וועקן אַן אָנציִענדיקן פֿאָרשונג-אינטערעס—אָט אָ די פֿאַרפֿלייצונג, מאַמעש, פֿון לידער, דערציילונגען און פּיעסן, וואָס לעניִנס טויט און דערנאָך, יאָר-איין—יאָר-אויס לעניִנס יאָרצייט, האָט ארויסגערופֿן און רופֿט אַרויס אַדהאַיעם אין אונדזער לאַנד.

וועלן מינעסטאַם מיט דער צייט גאַנץ געניִ און וויסנשאַפֿטלעך באַאַרבעט ווערן—אָטאָ די גאַנצע פעק „ווערק“, צוגעשיקטע פֿון די פֿאַרוואָרפֿנסטע ווינקלעך פֿון אונדזער פֿאַרבאַנד—שורעס, שווער און האַמעטנע „אָוועקגעלייגטע“ פֿון גראָבע פֿאַרהאָרעוועטע האָרעפּאַשנע הענט, און שורעלעך, ווייך אָנגעצילעטע פֿון ציטעריקע קינדערשע פּיאָנערן-הענטלעך; שורעס, געשריבענע אַף שמאָלע, געשעפֿטלעך-קורצע שטאָטישע בלאָקנאָטן (געבליבן באַ אַ קאָמיוגיסט פֿון אַ לעצטער קאָנפֿערענץ), און שורעס, געשריבענע אַף שטיקלעך פֿאַרפֿעצט פּאַפּיר, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט ערגעץ אין אַ פּויערים-שטיבל אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם רוסישן דאָרף.

וועט מען מינעסטאַם דענסטמאָל זוכן אין די דראָזיקע אומבאַהאָלפֿענע שורעס יענעם גרויסן צאַפּל פֿון אַ פֿאָלק-נעשאָמע, וואָס לעניִנס טויט האָט געמאַכט אויפֿצובריזן, וועט מען זוכן די געזעצן פֿון רעוואָלוציאָנערער פֿאָלקדיכטונג א. א. וו.

שוין איצט, אַף דער הייסער מינוט, אַזוי צוזאָגן, קאָן מען קאָנסטאַטירן בלויז אָט וואָס:

אינם מאַבל פֿון לענין-לידער, לענין-דערציילונגען, מיט וועלכע אונדזערע רעדאַקציעס זיינען פֿאַרפֿלייצט געוואָרן טייקעף נאָך לענינס טויט, זיינען, פֿאַרהעלטנישמעסיק, זייער קליין אין צאָל און אַמשוואַכסטן אין זין פֿון איינגעגעבנקייט פֿאָרגעשטעלט גראָד די שורעס פֿון אונדזערע קוואַליפֿיצירטע דיכטער.

די גרעסטע דיכטער אונדזערע, אָדער זיי האָבן אינגאַנצן ניט גענומען זיך פֿאַר דער לענין-טעמע אין איר געהעריקער ברייט און טיף, אָדער דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. אין דערזעלבער צייט מאַכן אָפּטמאָל אַ גרויסן רוישעם גראָד די רירנדיקע, אין זייער דיכטערישע פּרימיטיוויקייט, פּאָשעטע אומבאַהאָלפֿענע שורעס פֿון קינדער און פּאָשעטע פֿאָלק-מענטשן (דערוואַקסענע קינדער), וואָס אין דער לענין-דיכטונג פֿאַרנעמען זיי קאָמוסדיק דעם ערשטן אָרט.

און נאָך אינטערעסאַנטער: די איינצלנע געלונגענע לענין-זאַכן באַ אונדזערע קוואַליפֿיצירטע דיכטער זיינען דאָס ראָוו די, ווו דער דיכטער באַנוצט די סטיליזיר-פֿאָרם, סטיליזירנדיק אָדער קינדער-שאַפֿונג, אָדער פֿאָלק-שאַפֿונג, (אַלס ביישפּיל קאָנען מיר ברענגען פֿון דער רוסישער ליטעראַטור סייפֿולינאַס—פּויערשע לעגענדע וועגן לענינען, בערעזאָווסקיס—קירגיזישע לעגענדע, ווערא אינבערס אויסגעצייכנטע ליד וועגן לענינען א. א. וו.)

ווו ליגט די סיבע פֿון דעראָזיקער דערשיינונג?

לויט אונדזער מיינונג קאָן עס, אין אַ געוויסער מאָס, דערקלערט ווערן אָט מיט וואָס:

צו דער לענין-פּערזענלעכקייט און מעמיילע שוין אויך צו דער לענין-טעמע מוז יעדער פֿון אונדז פֿילן אַ באַשטימטן ייראַס-האַקאָוועד, אַ געפֿיל פֿון קאָלאָסאַלער דיסטאַנץ.

אָטאָ דער געפֿיל פֿון דיסטאַנץ ווערט אין דער פּאָשעטער קינדערשער און פֿאָלקישער נעשאָמע לייכט בייגעקומען דורך יענער רירנדיקער טמימעס, וואָס וואַרפֿט איבער אַ בריק פֿון פּאַשטעס איבער די טיפֿסטע אָפּגרונטן. אויב פֿאַרן דורכשניטלעכן מענטש איז לענין דער „גרויסער פֿירער“ „גאָאונישער מויעך“ א. א. וו. איז ער פֿאַר קינדער—אַ וואַרעמער, גוטער „פֿעטער לענין“ און פֿאַרן פֿאָלק-מענטש—אַ נאָענטער ברודער—איליטש—אַ כאַווער.

די דיסטאַנץ שטערט ניט דעם פֿאָלק-דיכטער און נאָך ווייניקער דעם קינד-דיכטער.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע באַם דורכשניטלעכן דיכטער.

דער געפֿיל פֿון קאָלאָסאַלער דיסטאַנץ, וואָס ליגט צווישן אים און דער לענין-פֿיגור שטיקט זיין דיכטערישן שאַפֿונג-פֿלי, ער שטייט אַ געפּלעפֿטער פֿאַר לענינס פּערזענלעכקייט, ער זעט איר הויך און וויל אַרופֿשרייען צו איר, אַרופֿשרייען מעזאָל הערן—באַקומט זיך אָפּט אַ דיכטערישער קוויטש מיטויך היספּאַילעס, באַקומט זיך אָפּט ריטאָריק און ניט פּאָעזיע. די דראָזיקע ריטאָריק, באַ אַ הויכער וואָרט-קולטור און קולטור ביכלאַל, קאָן אמאָל אַרויסקומען מער אָדער ווייניקער אינטערעסאַנט (לעמאָשל באַם רוסישן דיכטער מאַיאַקאָווסקי אין זיינע לענין-לידער); באַ אַ שוואַכער קולטור, מוז זי אומבאַדינגט ברענגען דעם שרייבער צו באַנאַלן סענטימענטאַליזם, האַגאַם דער שרייבער האָט געוואָלט זיין „האַרט ווי שטאָל“ און שרייען „מיטן רוף פֿון סירענעס“.

אַ באַזונדערס בולעטן ביישפּיל פֿון אַזאַ אַרט שרייבן האָט אונדז געגעבן כ. גילדין אין זיין פּאָעמע „לעניניאַדע“ (פֿאַרלאַג קניהאספּילקא 1926)

וועגן גילדינס שרייב-מאַניר איז עפּשער פֿרי נאָך דערווייל צו ריידן, נעמענדיק אין אַכט, אַז אונדזערע שרייבער לעבן איבער היפּשע דיכטער-גילגולים אין אונדזערע שטורמישע רעוואָלוציע-יאָרן,—דאָך קאָן מען שוין ריידן וועגן אַ געוויסער טענדענץ זיינער אין שרייבן.

גילדין איז, סאָציאַל און אינדיווידועל, זייער אַקטיוו און טעמפּעראַמענטפֿול. אַקטיוויזם און טעמפּעראַמענט-ס'איז ווייט ניט קיין אָפֿטע דערשיינונג אין אונדזער יונגער יידישער פּאָעזיע, עס ווילט זיך דעריבער אַזוי שטאַרק, אַז דעראָזיקער ברויזנדיקער אַקטיוויזם זאָל ווערן אַ שעפֿעריש-דיכטערישער אַקטיוויזם, באַזונדערס לעצטנס, ווען די געפֿאַר פֿון „יעסענין-שטראָם“ (אָן יעסענינס זאַפֿטיקער ערדישקייט) איז ניט אויסגעשלאָסן אין דער יונגער יידישער פּאָעזיע.

אָבער דער פּראָצעס פֿון פֿאַרוואַנדלען פּערזענלעכן אַקטיוויזם און טעמפּעראַמענט אין דיכטערישן פֿלאַם איז זייער אַ שווערער און פֿאַרוויקלטער. דאָ לויערט בעעמעס די געפֿאַר פֿון „אויסגעשריי“ און, נאָך ערגער, פֿונם געשריי, פֿונם קוויטש.

דאַרף מען דעריִבער וואָרענען באַצייטנס פאַר ריִטאָריִק און פאַר מעליִצע.

מיִט וואָס שיידט זיִך אונטער די ריִטאָריִשע פאָרם פון דער פּאָעטיִשער?

די ריִטאָריִשע פאָרם (ריִטאָריִשע „פיִגור") איִז אייגנטיִמלעך פאַר יעדער „ניִט געקיִנצלטער רעדע פון אַן אויפגערעגטן מענטשן"*). די ריִטאָריִשע פאָרם „האָט בעדייִע אַרויסצורופן אַגעוויִסע וויִרקונג, זי טראָגט אָבער ניִט אַריין קיין שום נייס איִן איִנהאלט, וואָס זאָל פאַרברייטערן אונדזער וויִסן".

ריִטאָריִק איִז ניִט קיין דיִכטונג-אַרט נאָר אַ ריידנס-אַרט, וואָס דאַרף אויסדריִקן די עמאָציאָנעלע באַוועגונג איִנם רעדנער גופע, איִן דער צייט ווען איִן פּאָעזיע, ווי ביִקלאַל איִן קונסט, מוז „אויפגעדעקט ווערן די קונסט און פאַרדעקט ווערן דער קיִנסטלער".

די ריִטאָריִק באַנוצט זיִך מיִט אַ ריי פאָרמען, קעדיי ארויסצורופן אַן אנטשפּרעכנדיִקע וויִרקונג, ווי לעמאָשל, ווענדונג, אויסגעשריי, היִפּערבאָלע (גוזמע-פאָרם), ריִטאָריִשע פראַגע (אַ פראַגע אף וועלכע מע דערוואַרט ניִט קיין ענטפער) אנטיִטעזע (קעגנשטעלונג), גראדאציע (אנוווקס פון טעמפּ) א. א. וו. **)

אַזאַ איִז זי, די ריִטאָריִק—די שפּראַך פון „אויפגערעגטן מענטשן", אָבער איִן צושטאַנד פון בלויזער אויפרעגונג איִז דאָך ביִקלאַל געפערלעך צו ארבעטן, ביִפראַט צו שאַפן. שאַפן איִז דאָך ניִט נאָר אויפרעגונג, נאָר אויך ניִכטערער קיִנסטלעריִשער אָפּקלייב, святие покровов, ווי טאָלסטאָי האָט עס פאַרשטאַנען (אָפּוואַרפן דאָס צופעליִקע און אויסזוכן דעם יאָדער).

די פּאָעמע „לעניִניאַדע" איִז ניִט דערהויבן געוואָרן צו דער שטופע פון פּאָעזיע—זי שטייט צוויִשן פּאָעזיע און ריִטאָריִק, מער איִן ריִטאָריִק, איידער איִן פּאָעזיע.

אָנהויבנדיִק פונם ערשטן בלעטל און ענדיִקנדיִק מיִטן לעצטן, איִז די גאַנצע פּאָעמע (48 זייטלעך) אָנגעפּוישט מיִט ריִטאָריִשע פיִגורן. איִך וואָלט דאָ געקאָנט ברענגען אַ גאַנצן רעעסטער פון זיי:

1) „ווּהיִן האָט שוידער אָנגעציִלט דעם אָפּגעניִצטן בויגן,
ועמען שרעקט זיין דאַרע האַנט מיִט פיילן ווייִ און וויִנט". (זייטל 5).

2) „דאָ ווּ גזיילע האָט...
דאָ ווּ יעדער שטיין..." (זייטל 5).

3) „וועמען,
וועמען האָט אַמאָל זיִך איינגעגעבן...
וועמען,
וועמען אַמאָל איִז געלונגען מיִט האַמער"... (זייטל 14).

4) „פאַרמאָגן אַזאַ האַרץ, וואָס שמאַכט און פיִלט...
פאַרמאָגן אַזאַ מיִן אויג..." (זייטל 17).

5) „ווער זאָגט
ווער זאָגט
געבליִבן זיינען מיִר פאַריאָסעמטע
און בראָך די וועגן אונדז מיִט שוידער זייט?
ווער זיִנקט איִן בליִנדעניִש און מערקן מערקט ניִט
ווי דרייסט די בריִדער-וואַכט פון האַמער און פון סערפּ
צום אַלטן רודער-שטאַנג פאַרטרעטן גייט?
אַף וועמעס ליִפּן נערט דער צאַר אַ קאַלטן גריִנעם וואָרעם?
פון וועמעס גומען שוועכט זיִך אויס:
געשטאָרבן איִז איִליִטש?" (זייטל 35).

6) „איינגעקנוילט פון צאַר און קעלט
האָט מען טויט אַראָפּגעטראָגן
דעם, וואָס האָט באַלעבט די וועלט". (זייטל 39).

כ'וואָלט געקאָנט ברענגען אַזעלכע אויסגעשפּראָכענע ריִטאָריִשע פאָרמען אָן אַ שיִר. אומעטום פיִלט זיִך גיִלדיִן—דער אָראַטאָר—דער ריִטאָר, דער אויפגערעגטער, דער טיִף טעמפּעראַמענטפולער—אונדזער קיִנסטלעריִשער וויִסן ווערט אָבער ניִט פאַרברייטערט דערפון.

גיִלדיִן פיִלט, אַז זיין ריִטאריִק איִז אן אבסטראַקטע און ער פּרוּווט זיִך ראַטעווען די לאַגע מיִט... איִמאזשיִניִזם. גיִלדיִן הויבט אָן באַפּוצן זיינע אבסטראקציעס מיִט ביִלדער. ער וואלגערט אָן ביִלדער אַף יעדער שורע טוצנווייז, ער באלאסטעט מיִט אַ ריִזיִקער ביִלדער-מאַסע יעדע שורע זיינע און עס מאַכט אן איינדרוק פון אַן אויפגעקומענעם געוויִר, וועלכער האָט אָנגעשטאָפּט זיין קאביִנעט מיִט מעבל פון אַלערליי סטיִלן.

וועגן אָטאָ דער איִבערגעלאדנקייט מיִט ביִלדער האָט טרעפלעך געשריִבן טראָצקי: „דער פּאָעט פאַרכליִנעט זיִך מיִט ביִלדער און דער לייענער ווערט אומגעדולדיִק-נערוועיִש, ווי אַמשנעלסטן דערציִען צום סאָף". דיִדאָזיִקע ביִלדער-פאַרפלייצונג האָט טראָצקי קאָנסטאַטיִרט אַפיִלע באַ יעסעניִנען, וועמעס ביִלדער זיינען דאָך אַזעלכע זאַפטיִקע—ריאַזאַניִשע. שאַרפער, פאַרשטייט זיִך, טרעט עס אַרויס איִן גיִלדיִנס פאַרביִלדערטע אבסטראַקציעס:

... „שוידער אָנגעציִלט דעם אָפּגעניִצטן בויגן..." (זייטל 5).

... „גזיילע האָט רעם ערשטן מאָל זיִך רוק איִן לענד צובראָכן (זייטל 6)

... „צאַר בא שוועל פון קעלער-שטיִבלעך" (זייטל 7).

... „שוידער האָט מאַרשיִרט מיִט בּרייטן שפּאַן". (זייטל 13).

... „גריל צופנט האָט די מויל פון מאווזאָליי". (זייטל 39).

מיִט אַזעלכע ביישפּיִלן איִז אָנגעשטאָפּט די גאַנצע פּאָעמע, אַזוי, אַז עס וואַרפט זיִך איִן די אויגן יעדן לייענער.

אָבער מיִט דער פאַרפלייצונג פון פאַרביִלדערטע אבסטראקציעס קאָן מען זיִך פון ריִטאריִק ניִט ראַטעווען און פון דאַנען ציִט אַ גלייכער וועג צום באַנאַלן סענטיִמענטאַליִזם, צו סענטיִמענטאַלער מעליִצע.

*) „פראגן פון טעאָריע און שאפונג-פּסיִכאלאגיע" 1 באנד. א. גארנפעלד זייטל 335-36.

**) זע דארטן.

גילדין, וועלכער האָט געוואָלט געבן, ווי ס'שיינט, די שטאָלענע פּאָעמע „לעניניאדע”, האָט געמאַפּלט אנשטאָט דעם מיט אַ מאַינעלאָשן פֿון אַ פֿאַריאָמערטער יידענע. אַזעלכע שורעס, ווי „יעסוימים שטאָלענע פֿאַרביטערטע יאָמערן”, אָדער, „פֿון שוואַרצן טרויער מאַרש די באנגע מעלאדי”, אָדער „די זון... געפֿאַלן אין כאַלאָשעס אַפֿן שויס פֿון אָוונט” באַצייכענען דעמדאָזיקן וועג פֿון ריטאריק צו סענטימענטאַלער מעליצע.

איך האָב סטאַטיסטיש ניט פֿאַרעגיסטרירט אָט די אַלע „געיאָמערן”, „כליפּעניש”, אָבער זיי פֿאַרפֿלייצן מאַמעש די גאַנצע פּאָעמע, און אומזיסט האָט גילדין דידאָזיקע „אידעאָלאָגישע ניט אויסגעהאַלטנקייט” געפּרוווט אַזוי אָפּט שמעלצן מיטן סקארבאוון „סערפּ-האַמער”.

„דעם דאַלעס פּלעטן גיך דער האַמער וועט דעם שאַרבן”— שרייבט גילדין—געפּלעט געוואָרן איז אָבער דערביי ניט דער דאַלעס, נאָר די דיכטונג, גילדינס פֿאַרשפּעטיקטע האַמער-מוזע. אַ לירישע שטימונג דורך בויגן דאָס וואָרט „יאָמערן” ווערט קיינמאָל ניט געשאַפֿן, פּראָלעטאַרישקייט—פֿון „שטאָלצן פֿרייען האַמער”—אַוואדע און אוואדע ניט.

גילדין האָט געהאַט אָן אַ שיר געלעגנהייטן אויסצובויען אַ געלונגענע פּאָעמע, ווען ער וואָלט זיך ניט געשטעלט אַפֿן וועג פֿון ריטאריק. אַזאַ שורע, ווי „אָט איז די שוועל, די וואך ווי אַ געליימטע” האָט געקאָנט און באַדאַרפֿט אויסוואַקסן אין אַ דיכ-טעריש-לירישן פּלאַסטישן בילד. דער מאָסקווער קאָלאָנען-זאַל אין רויטן און שוואַרצן, דער „אַרמייער באַם קרעמל”, די „שע-רענגע נאָך דער לעוואַיע”, די „דריי מעסלעס מיט העק און לאָפּאַטעס” אַפֿן רויטן פּלאַץ—פֿאַרוואָס האָט גילדין פֿאַרטרונקען עס אין א מאבל מעליצעס? אַז גילדינען גיבן זיך יאָ אַמאָל איין אַזעלכע בילדער, אַז ער פֿילט יאָ דעם פּאטאס פֿון אָט דעם אלעמען,—וועט דאָך קיינער ניט לייקענען. ער האָט דאָך דיכטע-ריש אופֿגעכאַפּט די יונגע מאַמע, וואָס האָט „האַרט באם אָרן דורכגעטראָגן, ווי אַ פּאָן איר קינד”, ער האָט דאָך געזען דעם „ברוינעם מעראַגל פֿון גאַנג *) פֿון טייך”, ער האָט דאָך געזען, ווי „ס'כוואַליעט שיין צו פֿינער באַן די פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג” און נאָך און נאָך האָט אופֿגעכאַפּט זיין דיכטערישער אויג,—טאָ פֿאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט אַפֿן וועג פֿון ריטאריק און סענ-טימענטאַליזם?

אויב ער האָט יאָ געוווסט, אַז „ווי אַ הירש א רויטער, לעקט די זון דעם שניי”, טאָ ווי האָט ער געלאָזט פֿאַלן די זון „אין כאַלאָשעס אַפֿן שויס פֿון אָוונט” און געשלאָגן דערביי רע-קאָרד פֿון באַנאַליטעט?

פֿאַרדריסט עס בעעמעס.

ער וואָלט געקאָנט בא אַ פֿאָרזיכטיקער באַציונג געבן אַסאַך מער איידער ער האָט געגעבן, ער—דער קאָמוניסט, דער פּראָ-לעטאַרישער שרייבער, דער אַקטיווער און טעמפּעראַמענטפֿולער גילדין. און די לענין-טעמע איז דאָך ווערט אַ פֿאָרזיכטיקע באַ-ציונג. ניט עמעס, כ' גילדין?

---

*) גאנג א טייך אין אינדיע.

# כראָניק.

## קולטור.

באַם אַגיטפּראָפּ פֿון צ. ק. אַל. ק. פּ. איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קונסט-קאָמיסיע, וואָס שטעלט זיך פֿאַר איר אויפֿגאַבע צו באַטראַכטן די גרונט-פֿראַגן פֿונם קינסטלערישן לעבן פֿון פֿססר. אינם נאָענטסטן פּלאַן פֿון דער קאָמיסיע גייט אַריין דאָס באַטראַכטן די אַרבעט פֿון די קינסטלערישע אָפּטיילן פֿון פֿאָלקאָמבילד. די קינסטלערישע אַרבעט פֿון די פּראָפֿאַריינען, די פֿראַגן פֿון קונסטבילדונג.

די קאָמיסיע האָט באַהאַנדלט די פֿראַגע וועגן דער צוועקמעסיקייט פֿון שאַפֿן אַן איינהייטלעכן אָרגאַן, וואָס זאָל פֿאַראייניקן אַלע מינים קונסט, און זי האָט אַנערקענט, אַז דער פּאַראַלעליזם און די ניט אָרגאַניזירטקייט אין דער קינסטלערישער אַרבעט קאָן ניט אויסגעלעבט ווערן, אויב עס וועט ניט אָרגאַניזירט ווערן קיין איינהייטלעכער קינסטלערישער אָרגאַן, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די פֿראַגן פֿון קונסט. קעדיי אָנצומערקן די גרונט-וועגצייכנס פֿון אַן איינהייטלעכער פּאָליטיק אינם געביט פֿון קונסט, האַלט די קאָמיסיע פֿאַר צוועקמעסיק איינצואָרדענען באַם אַגיטפּראָפּ אַ באַראַטונג איבער דער פּאָליטיק פֿון דער פּאַרטיי אינם געביט פֿון קונסט און צוציִען צו דעררעזיקער באַראַטונג אַוטאָריטעטע און קאָמפּעטענטע כאַווײרים.

— אין בערלין איז פֿאָרגעקומען די ערשטע אַלאייראָפּעישע קאָנפֿערענץ פֿון דער אויסלענדישער סאָוועטישער סטודענטנשאַפֿט. ס'זיינען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿאָרשטייער פֿון 2000 סטודענטן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער.

— די אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿאַר קולטורעלער פֿאַרבינדונג מיט אויסלאַנד האָט באַקומען אַ פֿאָרשלאַג פֿון דירעקטער פֿון צווישנפֿעלקערלעכן אינסטיטוט פֿאַר בילדונג, אין ניו-יאָרק, וועגן שיקן סאָוועטישע סטודענטן אין אַמעריקע זיך לערנען אין די אַמעריקאַנישע אוניווערסיטעטן אומגעצאָלט.

— אין דער נאָענטסטער צייט וועט דער יידאָפּטייל באַם ווייסרוסלענדישן מוזיי צוטרעטן צו אויספֿאָרשן די היסטאָרישע ערטער פֿון אַלטן מינסק. אין דער ערשטער ריי איז אָנגעמערקט צו אויספֿאָרשן די אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס זיינען פֿאַרבליבן פֿון דעם ערשטן יידישן יישעוו אין מינסק. עס איז אָנגעמערקט פֿעסטצושטעלן דעם אָרט פֿונם קאַהאָלשטיבל און דעם אָרט פֿון דעם ערשטן יידישן בייסוילעם, וועלכער דאַרף זיך געפֿינען אין דער געוועזענער טאָטערישער סלאָבאָדע, היינט טאַטערישע גאַס.

— די „גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע" וועט אַנטהאַלטן אין זיך סאַכאַקל 30 בענדער, וועלכע מע רעכנט אַרויסלאָזן אין משך פֿון 6 יאָר. דער ערשטער באַנד איז שוין פֿאַרטיק און דער צווייטער וועט דערשיינען דעם 15-טן מאַי. ער איז שוין קימאַט פֿאַרטיק און אָפּגעדרוקט. אין דער נייער ענציקלאָפּעדיע געפֿינען זיך ביז 50 פּראָצענט נייע ווערטער, אין פֿאַרגלייך מיט בראָקהויס אַלטער ענציקלאָפּעדיע און באַ 38 פּראָצ. אין פֿאַרגלייך מיט דער נייער בראָקהויז. עס זיינען פֿאַראַן נייע נעמען לעמאָשל, פֿון אַ ריי טוער סאַי פֿון דער רעוואָלוציע און סאַי פֿון דער קאָנטררעוואָלוציע באַ אונדז און אין מאַירעוו, נייע וויסנשאַפֿטלעכע באַגריפֿן. עס איז פֿאַראַן אַ ריי נייע אַרטיקלען, וואָס האָבן פֿריער ניט געקענט אָפּגעדרוקט ווערן צוליב די צענזור-באַדינגונגען פֿון דער צאַרישער צייט.

— אין לענינגראַד וועט זיך אין מאַי כוידעש עפֿענען דער אַלפֿאַרבאַנדישער צוזאַמענפֿאָר פֿון רענטגענאָלאָגן און ראַדיאָלאָגן, אין וועלכן עס וועלן נעמען אַנטייל די אָנגעזעענסטע פֿאָרשטייער פֿון דער אַלוועלטלעכער ראַדיאָלאָגיע. אַזוי וועלן אויפֿן צוזאַמענפֿאָר קומען דער ראַדיאָלאָג — פּראָפֿעסאָר גאַלאַנדז פֿון האַמבורג, פּראָפֿ. רעשו פֿון באָרדאָ, און דער פּראָפֿעסאָר פֿון ווינער ראַדיאָלאָגישן אינסטיטוט—האָלצקנעכט.

— דער פֿאַרוואַלטער פֿון יידאָפּטייל באַם ווייסרוסלענדישן מוזיי האָט צוגעשטעלט אין „אינבעלאַרוסקולט" אַ רעשימע פֿון די ביז איצטער פֿאַרבליבענע אויף דער טעריטאָריע פֿון ווייסרוסלאַנד, אַלטע יידישע דענקמעלער. אין דער רעשימע גייען אויך אַריין אַלטע יידישע שולן און אַ גאַנצע ריי אַנדערע יידישע היסטאָרישע דענקמעלער.

— אַ ריי פֿרויען קינסטלערנס פֿון פֿססר האָבן באַקומען אַן איינלאַדונג פֿון ענגלישן קאָמיטעט פֿון אינטערנאַציאָנאַלן, קינסטלערישן פֿרויען-קלוב אַנטיילצונעמען אין דער 32-טער קינסטלערישער אויסשטעלונג, וואָס דאַרף פֿאָרקומען אינגיכן אין לאָנדאָן.

— אין דער ביבליאָטעק פֿון „אינבעלאַרוסקולט" געפֿינען זיך 12 טויזנט בענדער וועגן געשיכטע, פֿילאָלאָגיע, עטנאָגראַפֿיע און סאָציאָלאָגיע. לעצטנס איז אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל ביכער פֿון קראָקע, לעמבערג, פּויזן און וואַרשע. כוץ דעם זיינען אויך אָנגעקומען אַ סאַך יידישע ביכער פֿון ניו-יאָרקער, בערלינער און וואַרשעווער פֿאַרלאַגן.

— דער ראַטפֿאָלקאָם פֿון אוקראַינע האָט באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט פֿון שאַפֿן אין כאַרקאָוו אַ רעוואָלוציע-מוזיי. דער מוזיי וועט זיך געפֿינען באַם אַל-אוקראַינישן צענטראַלן אויספֿירקאָמיטעט.

## ליטעראַטור.

— די מינסקער ליטעראַרישע גרופּע „יונגער אַרבעטער" וועט אין מאַי כוידעש אָרגאַניזירן אַ טורנע איבער די שטעט און שטעטלעך פֿון ווייסרוסלאַנד אויף די ערטער וועלן איינגעאָרדנט ווערן לעקציעס און פֿאַרזאַמלונגען וועגן דער נייער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

— דער דיכטער ה. לייוויק איז אָנגעקומען אין ניו-יאָרק. כ. לייוויק האָט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד געזאַמלט אַ סאַך מאַטעריאַלן. דאָס אַלץ וועט ער איבערגעבן פֿאַר די לעזער פֿון „פֿרייהייט". כוץ דעם האָט ער אַ ריי נייע לידער פֿון סאָוועטישן לעבן. ער שרייבט אויך צוויי דראַמען, איינע פֿון אַמעריקאַנער לעבן, וועלכע וועט הייסן „שאַפּ", און איינע אַ סאָוועטן-דראַמע. ער רעכנט אויך אַרויסגעבן אַ בוך פֿון זיינע באַשרייבונגען וועגן רוסלאַנד.

— מאַקסים גאָרקי אַרבעט איצט איבער אַ ראָמאַן אונטערן נאָמען „אויספֿאָרשער", וואָס וועט אַרויסגעלאָזן ווערן דורכן סאָוועטישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. דער ראָמאַן כאַפּט אַרום די צייט פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און רעוואָלוציע.

— דעם 2-טן אַפּרע האָט זיך געעפֿנט אין כאַרקאָוו דער אַלאוקראַינישער צוזאַמענפֿאָר פֿון די אָרגאַניזאַציעס פֿון רעוואָלוציאָנערע פּויערישע שרייבער „פּלוג", וועלכע פֿאַראייניקט ביז טויזנט יונגע אוקראַינישע שרייבער און ציילט אָן עלף אָפּטיילונגען אין 63 קרייזן איבער די שטעט און דערפֿער פֿון אוקראַינע.

— די ליטעראַרישע גרופּע „יונגער אַרבעטער" פֿירט איצט אַ גרויסע צוגרייטונג-אַרבעט אַרויסצוגעבן אַ גרויסן קינסטלערישן ליטעראַרישן אַלמאַנאַך אונטערן נאָמען „ווייסרוסלאַנד". אין דעם אַלמאַנאַך וועלן אַנטייל נעמען אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן און שרייבער, וואָס שטאַמען פֿון ווייסרוסלאַנד. די ליט-גרופּע האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך מיט אַ ביטע אַנטיילצונעמען אין דעם אַלמאַנאַך צום באַוווסטן יידישן פּאָעט כ. ה. לייוויק, וועלכער, ווי באַוווסט, שטאַמט פֿון ווייסרוסלאַנד.

## שאָלעם-אַליינכעמס צענטער יאָרצייט.

— לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג פֿונם שטעטל פּערעיאַסלעוו, ווו עס איז געבאָרן געוואָרן שאָלעם-אַליינכעם, וועלן אין שטעטל געעפֿנט ווערן אַ לייענשטיבל און אַ ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. עס איז דערוועקט געוואָרן אַ היסטאָרישע וועגן אָנרופֿן די אָרטיקע זיבניאָריקע שול אויפֿן נאָמען פֿון שאָלעם-אַליינכעם.

— אין אָדעס ווערט געפֿירט אַ צוגרייטונג-אַרבעט צום צענטן יאָרטאָג פֿון שאָלעם-אַליינכעמס טויט. ס'וועלן איינגעאָרדנט ווערן אָוונטן, געווידמעט שאָלעם-אַליינכעמען. אינם ניי-געעפֿנטן יידישן מוזיי וועט אָרגאַניזירט ווערן אַ שאָלעם-אַליינכעם-ווינקל.

— דער קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג—„קולטור-ליגע" לאָזט אַרויס שאָלעם-אַליינכעמס בילד אין גרויסן פֿאָרמאַט.

— דער בעלאָצערקאָווער קרייזישער אויספֿירקאָם האָט אָנגענומען ווי-כטיקע באַשלוסן, ווי צו פֿאַראייביקן דעם אָנדענק פֿון שאָלעם-אַליינכעמען. ס'ווערט געעפֿנט אַ יידישע שטאָטישע ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען, פֿאַר דער ביבליאָטעק איז שוין געשאַפֿן געוואָרן אַ היפּשע צאָל ביכער; די יידישע זיבניאָריקע שול וועט טראָגן שאָלעם-אַליינכעמס נאָמען; אויף זיין נאָמען וועט אָנגערופֿן ווערן איינע פֿון

די צענטראַלע גאַסן אין שטאָט; צום הויז, ווו שאָלעם-אַלייכעם האָט געוואוינט אין בעלאָצערקאָוו (אין די אַכציקער יאָרן) וועט צוגעקלאַפּט ווערן אַ מעמאָריאַל-ברעטל. כוץ דעם וועלן צום יאָרצייט איינגעאָרדנט ווערן אָוונטן, געווידמעט דעם לעבן און שאַפן פֿון שאָלעם-אַלייכעמען.

— די צ. א. ב. ב. פון אוקראַינע האָט איבערגעגעבן דעם אוקר. מעלוכע-פֿאַרלאַג צום דרוק שאָלעם-אַלייכעמס געקליבענע ווערק פֿאַר קינדער, בעערעך אַף אַ 14 דרוקבויגן.

# טעאַטער און קינאָ.

— די יידישע ווייסרוסישע מעלוכע-סטודיע פֿאַרענדיקט איצט איר אַרבעט אין מאָסקווע און וועט קומען קיין מינסק אַף שטענדיקער אַרבעט. די פֿאָרשטעלונגען וועלן זיך אָנהויבן אין אָקטיאַבער כוידעש. די ערשטע פֿאָרשטעלונג וועט זיין „אין פּאַליש אַף דער קייט“ פֿון פּערעצן, געשטעלט פֿון מ. פּ. ראַפֿאַלסקי, קינסטלער—ס. ב. ריבאַק, מוזיקער—אַלעקסאַנדער קריין. אויסער דעם פֿאַרענדיקט איצט די סטודיע פֿאָלגנדיקן רעפּערטואַר: „שיילאָק“ פֿון שעקספּיר. געשטעלט פֿון וו. סאַכנאָווסקי, קינסטלער—ג. יאַקולאָוו, מוזיקער—וו. קריוקאָוו. „פּורים אין קאַסרילעווקע“, באַאַרבעט לויט שאָלעם-אַלייכעמ׳ן פֿון י. דאָברושין און א. כאַריק, געשטעלט פון רעזשיסאָר פֿונם צווייטן מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער—א. דיקי, קינסטלער—י. ראַבינאָוויטש. מוזיק—לויט די מאַטעריאַלן פֿון קיסעלהאָפֿן—מילנער. „נ. באָטווין“—רעוואָלוציאָנערע דראַמע, געשטעלט פֿון מ. ראַפֿאַלסקי. כוץ די אויבנדערמאָנטע פּיעסן גייען אַריין אין רעפּערטואַר „מענטשן“, „כיידער“ און „סקאָפּען“. פֿאַר די ערשטע אַרבעטן אין מינסק זיינען אָנגעמערקט און שוין באַאַרבעט פֿאָלגנדיקע פּיעסן:

„שולאַמיס“ לויט גאָלדפֿאַדענען, באַאַרבעט פון ל. קוויטקאָ, און „פֿוענטע אָווכונע“ פון לאָפּע-דע-וועגאָ. די לעצטע פּיעסע איז איבערגעגעבן צום שטעלן דעם כ׳ ל. ליטווינאָוו, איינעם פון דער רעזשיסאָרן-גרופּע פון דער סטודיע. דעם ערשטן יאָר וועט די יידישע ווייסרוסישע סטודיע אַרבעטן צוזאַמען מיט דעם ווייסרוסישן מעלוכישן טעאַטער אין לאָקאַל פון מעלוכע-טעאַטער.

— דער כאַרקאָווער יידישער מעלוכע-טעאַטער וועט זומער מאַכן אַ טורנע איבער אוקראַינע, דער מאַרשרוט פֿונם טעאַטער וועט זיין: קרעמענטשוג, קאַטערינאָסלאַוו, ניקאָלאַיעוו, אָדעס, וויניצע, קיעוו. דער טעאַטער רעכנט אָפּפֿאָרן פון כאַרקאָוו צווישן 1-טן און 15-טן מאַי.

— אין ניויאָרק איז דעם 31-טן מאַרט געשטאָרבן דער באַוווסטער אַרטיסט יאַנקעוו (דזשייקאָב) אַדלער. דער געשטאָרבענער אַדלער איז געווען איינער פון די עלטסטע אַרטיסטן אין יידישן טעאַטער. ער האָט נאָך אין גאָלדפֿאַדנס צייט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין בויען דעם יידישן טעאַטער. יאַנקעוו אַדלער האָט געשפּילט אַ לאַנגע צייט אין רוסלאַנד און רומעניע, פון וואַנען ער איז אַריבערגעפֿאָרן אין אַמעריקע און האָט זיך געשטעלט דאָ אין דער שפּיץ פון יידישן טעאַטער. אין די לעצטע יאָרן איז אַדלער אָפּגעגאַנגען פון טעאַטער-לעבן.

— דער ווייסרוסישער מעלוכע-קינאָ טרעט צו צו פֿאַרפֿאַרטיקן אַ קינאָ-פילם אונטערן נאָמען „דער, וואָס פֿאַשעט באַזיירים“. דער קינאָ-סצענאַרי איז אָנגעשריבן פון דעם ווייסרוסישן פּאָעט מיכאַס טשאַראָט.

— אין ניויאָרק ציילן זיך 192 טעאַטערן מיט 306.698 ערטער און 545 קינאָ מיט 434.595 ערטער. לויט סטאַטיסטישע ידיעס לאָזן דורך אַלע קינעמאַטאָגראַפֿן פון די פֿאַראייניקטע שטאַטן 40 מיליאָן מענטשן אַ וואָך. בעשאַס אינגאַנצן ציילט זי 100 מיליאָן איינוואוינער. אין לאָס-אַנדזשעלאָס בויען זיך 27 נייע טעאַטערן אַף 52 טויזנט ערטער. דערביי דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז איינוואוינער האָט לאָס-אַנדזשעלאָס אַ קנאַפּן מיליאָן.

— דער צ. ק. פֿון פֿאַריין פֿון קינסטלער אין מאָסקווע האָט באַשלאָסן איינצופֿירן אַ פּעריאָדישע פּענסיאָנירונג פֿון קונסט-אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעדינט זייערע יאָרן, דערדאָזיקער באַשלוס איז כאַל אויך אַף פֿאַרדינסטפולע און אַף פֿאָלק-אַרטיסטן.

— אין קיעוו איז דער 50 יאָריקער יובילײ פֿונם יידישן טעאַטער פֿאַרצייכנט געוואָרן מיט דער פֿאָרשטעלונג פֿון „צוויי קונעלעמלעך“, וואָס איז געגעבן געוואָרן ספּעציעל לעקאָוועד דעם יובילײ דורכן טעאַטער „קונסט-ווינקל“. אַף דער פֿאָרשטעלונג זיינען בייגעווען אַלע יידישע ליטעראַטן און קינסטלער, וואָס געפֿינען זיך אין קיעוו, ווי אויך זייער אַ באַדייטנדיקער טייל פֿון די ניט-יידישע טעאַטראַלע טוער.

— דער כאַרקאָווער יידישער מעלוכע-טעאַטער פֿאַרענדיקט דעם ווינטער-סעזאָן דעם 10-טן מאַי מיט פּעפּערס און פּידלס פּיעסע—„קוימענקערער“.

— די עפֿענונג פֿונם ניי-אויפֿגעשטעלטן אָדעסער טעאַטער, וועלכער האָט געזאָלט פֿאָרקומען דעם 28-טן מאַרט, איז אָפּגעלייגט געוואָרן. דער טעאַטער וועט אָפֿיציעל געעפֿנט ווערן אין האַרבסט. אין משך פֿון פֿרילינג און זומער וועט די טעאַטער-געביידע אויסגענוצט ווערן פֿאַר קאָנצערטן און אָוונטן.

— אין אינפֿאָרמאַציע-ביולעטען פֿונם פּוילישן בילדונג-מיניסטעריום איז אָפּגעדרוקט אַ רעשימע פון 22 יידישע פּיעסן, וועלכע ס׳וועט פֿאַרווערט צו שטעלן אַף דער בינע. צווישן די פֿאַרווערטע פּיעסן געפֿינען זיך מאַרק אַרנשטיינס „נעקאָמע, שאָלעם אַש׳ס „אַמנון און טאָמאַר“, ווייל זיי באַליידיקן די עפֿנטלעכע מאָראַל. די פּיעסן „ס׳ברענט“, „באַנאַכט אַפֿן אַלטן מאַרק“ (פּערעץ) זיינען פֿאַרווערט, ווייל אין זיי איז איינגעפֿונען געוואָרן העצע-שטאָף.

— צו דער מוזיקאַלער קאָמעדיע „צוויי קונעלעמלעך“, וועלכע עס שטעלט דער יידישער מעלוכע-טעאַטער אין כאַרקאָוו שרייבט אינטערמעדיעס דער ליטעראַט א. סטרעליק. די לידלעך און קופּלעטן שרייבט דער פּאָעט א. קאַהאַן.

— די פֿייערונג פֿון דעם 50 יאָריקן יובילײ פון יידישן טעאַטער אין כאַרקאָוו וועט פֿאָרקומען אין האַרבסט. אַף דורכצופֿירן דעם יובילײ איז אויסגעטיילט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון די פּראָפֿעסיאָנעלע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

די קאָלעגיע פֿון פֿאָלקאָמבילד האָט באַשלאָסן, אַז דער מינסקער מעלוכע-טעאַטער זאָל טראָגן דעם נאָמען „1-טער ווייסרוסישער מעלוכע-טעאַטער“, דער וויטעבסקער (געוועזענע ווייסרוסישע סטודיע אין מאָסקווע)—„2-טער ווייסרוסישער מעלוכע-טעאַטער“. די יידישע סטודיע—„יידישער מעלוכע-טעאַטער אין ווייסרוסלאַנד“.

— אין מאַי כוידעש ווערט דורכן כאַווער נאָרוויד, אָנפֿירער פון דראַמאַטישן קרייז אין מינסקער לענין-קלוב, אויפֿגעפֿירט ווערן „אַמעריקאַנער געטער“ אין דריי אַקטן, אינסצענירונג לויט סינקלערס ראָמאַנען, איבערגעזעצטער טעקסט פֿון כאַים לעווין. די פּרעמיערע וועט געשטעלט ווערן אין מעלוכע-טעאַטער.

— לויט דער באַשטימונג פון סאָוונאַרקאָם פֿון ווייסרוסלאַנד איז פֿונם רעזערוו-פֿאָנד אָפּגעלאָזט געוואָרן פֿאַר ביידע סטודיעס אין מאָסקווע (יידישע און ווייסרוסישע) פֿופֿציק טויזנט רובל, אויסער דער סמעטע אַף אָרגאַניזירן דאָס קומען פֿון די ביידע סטודיעס אין ווייסרוסלאַנד.

— אין בערלין ווערט געוויזן מיט גרויס דערפֿאָלג אונדזערע אַ פֿילמע „קאַלעזשסקי רעגיסטראַטאָר“. די „פֿאָסישע צייטונג“ שרייבט: „אויב די רוסן וועלן אַזוי ווייטער גיין אין קינאָ-טעכניק, וועלן זיי איינגיכן אונדז פֿאַרשטעקן אין גאַרטל און וועלן אַריבערשטייגן די אַמעריקאַנער“. אין זעלבן גייסט שרייבט דער „בערלינער טאַגעבלאַט“ און אַפֿילע דער... „פֿאָרווערטס“.

— די „סאָווקינאָ“ גרייט צו איצט אַ ספּעציעלע אַגיט-פֿילמע, געווידמעט די פּאַרוואָרלאָזטע. די פֿילמע וועט באַווייזן אַלע מאָמענטן פון דעם גאַס-לעבן פון די פּאַרוואָרלאָזטע.

— אין ניויאָרקער קונסט-טעאַטער גייט מיט גרויס דערפֿאָלג לייוויקס פּיעסע „שמאַטעס“ אַ דראַמע פון אַרבעטער-לעבן אין אַמעריקע.

— מאַקסים גאָרקי האָט פֿאַרקויפֿט אַן אַמעריקאַנער פֿירמע דעם קינאָ-סצענאַרי פון זיין פּיעסע «На дне» פֿאַר 10 טויזנט דאָלאַר.

— דייטשלאַנד האָט איינגעקויפֿט די סאָוועטישע פֿילם „דער גרויסער איבערפֿלי“, וועלכע שילדערט די לופֿט-עקספּעדיציע מאָסקווע—מאַנגאָליע—כינע.

— דער ווייסרוסישער מעלוכע-קינאָ האָט פֿאָרגעלייגט דער רעזשיסאָר פון דער יידישער ווייסרוסישער מעלוכע-סטודיע דעם כ. ראַפֿאַלסקין צוגרייטן פֿאַרן קינאָ דאָס בילד „הירש לעקערט“, פון צ. דאָלגאָפּאָלסקי. אין יול כוידעש וועט די סטודיע צוטרעטן צו דער אַרבעט.

— ענדע אַפּרעל הויבט אָן די אוקראַינישע קינאָ-פֿאַרוואַלטונג בויען אין קיעוו אַ נייע קינאָ-פֿאַבריק.

— אין מאָסקווער אַקוואַריום-טעאַטער גאַסטראָלירט די באַוווסטע אַרטיסטן קלאַרע יונג.

# צו אַלע אונדזערע לעזער און פֿריינט!

דער זשורנאַל „שטערן" איז פֿון דעם ערשטן נומער אָן זייער וואַרעם און האַרציק אויפֿגענומען געוואָרן. עס איז שוין פֿון לאַנג אָן אויסגעוואַקסן די פֿאָדערונג אַף אַ גרויסן ערנסטן זשורנאַל. אונדזער מאַסע איז אויסגעוואַקסן, אונדזער מאַסע קאָן זיך שוין ניט באַנוגענען בלויז מיט אַ צייטונג.

דער זשורנאַל „שטערן" איז דערשינען צו דער צייט.

פֿון דעם ערשטן נומער אָן האָט זיך דער זשורנאַל „שטערן" געשטעלט אַף אַ ריכטיקן וועג: ער איז געוואָרן אַ זשורנאַל פֿון דעם מער אַנטוויקלטן אַרבעטער-לעזער, ער איז געוואָרן אַ האַנטבוך פֿאַר יעדן פֿון אונדזערע אַקטיוויסטן אין שטאָט און שטעטל, ער דרוקט און וועט דרוקן אויך מאַטעריאַלן, וואָס אינטערעסירט דעם לערער, דעם קולטורטוער, דעם יידישן אַרבעטער-אינטעליגענט.

די צענדליקער און הונדערטער בריוו, וואָס מיר קריגן פֿון אונדזערע טרייע און איבערגעגעבענע לעזער—באַווייזט אָן איבעריקן מאָל, אַז מיר האָבן מיט אונדזער זשורנאַל געטראָפֿן.

**דער זשורנאַל „שטערן" איז געוואָרן אַ באַדייטנדיקער קולטורעל-אויפֿקלערערישער קויעך אין דער יידישער סוויווע.**

אַף דעם ווינטערדיקן פעריאָד האָבן מיר אָנגעמערקט, לויט דער פֿאָדערונג פֿון אונדזערע לעזער, אַ גרויסע און רייכע פּראָגראַם פֿון מאַרקסיסטיש לענינישער אויפֿקלער-אַרבעט, פֿון אַלגעמיינער און טעכנישער וויסנשאַפֿט.

מיר האָבן אויך אָנגעמערקט אַ גאַנץ רייכע פּראָגראַם פֿון ליטעראַריש-קינסטלערישע פֿראַגן. אַף וויפֿל עס וועט זיין מעגלעך, וועלן מיר אויך באַרייכערן די בעלעטריסטישע אָפּטיילונג, צוציענדיק די בעסטע ליטעראַרישע קויכעס פֿון אונדזער פֿאַרבאַנד, פֿון אויסלאַנד און געבנדיק אַ גאַנצע ריי איבערזעצונגען פֿון דער רוסישער און אויסלענדישער ליטעראַטור.

אַזאַ רייכע פּראָגראַם, וואָס מיר מערקן אָן אַף די ווייטערדיקע נומערן, פֿאָדערט זייער פֿיל אָנגעשטרענגטע אַרבעט און אַ באַדייטנדיקע צוגרייטונג, דעריבער וועט מען דאָס מיטאַמאָל ניט קענען איינפֿירן, מיר שטרעבן אָבער, אַז דער זשורנאַל זאָל ווערן אַן אומבאַדינגט נויטיק בוך, אָן וועלכן עס זאָל ניט קאָנען אויסקומען יעדער אַרבעטער אין זיין פּאָליטישן קרייז, אין דער אָוונטשול, אין קלוב און אין דראַמקרייז.

אַזאַ גוואַלדיק שווערע אויפֿגאַבע, וואָס די רעדאַקציע האָט אַף זיך גענומען, פֿאָדערט אָבער אויך מיצאַד אונדזערע לעזער-פֿריינט אַ באַשטימטע אָנשטרענגונג.

מיר האָבן געשטעלט זייער אַ ביליקן פּרייז פֿאַר אונדזער זשורנאַל. די לעזער פֿון „אָקטיאַבר" באַקומען אים איינגאַנצן פֿאַר 25 קאָפּ. אַ כוידעש. אויך פֿאַר די אַלגעמיינע, ניט „אָקטיאַבר"-אַבאָנענטן איז דער פּרייז זייער אַ ביליגער, איינגאַנצן 50 קאָפּיקעס אַ כוידעש פֿאַר אַ זשורנאַל, וואָס האַלט צען דרוק-בויגן.

**דאָס שטעלט אונדזער זשורנאַל אין זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען.**

וואָס פֿאָדערן מיר פֿון אונדזערע לעזער און פֿריינט?

אַלע אונדזערע לעזער און פֿריינט פֿון ווייסרוסלאַנד, מוזן אונדז העלפֿן דערשלאָגן זיך, אַז יעדער **אַבאָנענט פֿון „אָקטיאַבר" זאָל אויך זיין אַן אַבאָנענט פֿון „שטערן"** דאָס וועט גלייך אין אַ גרויסער מאָס אויסבעסערן אונדזער מאַטעריע/ע לאַגע.

יעדער אונדזער לעזער און פֿריינט אויסער ווייסרוסלאַנד דאַרף אומבאַדינגט פֿירן אַ ברייטע אַגיטאַציע פֿאַר אונדזער זשורנאַל.

עס טאָר ניט זיין קיין איין באַוווסטזיניקער אַרבעטער, קיין איין לערער, קיין איין קולטורטוער אָן אונדזער זשורנאַל.

נאָר דאַן, ווען דער לעזער-פֿריינט וועט אונדז העלפֿן פֿאַרשפּרייטן אונדזער זשורנאַל, וועט ער אַף ווייטער אומגעשטערט אַרויסגיין.

מיר טאָרן ניט דערלאָזן, אַז דער זשורנאַל זאָל שטיין פֿאַר אַ סאַקאָנע אונטערצוגיין!

כ"כ לעזער און פֿריינט! דער זשורנאַל „שטערן" איז צו טיף איינגעדרונגען אין אונדזערע מאַסן. אַלע קויכעס דאַרף מען אָנווענדן און באַזאָרגן זיין ווייטערדיקע עקזיסטענץ.

געדענקט, די רעדאַקציע האָט אַלץ געטאָן פֿאַר אייער זשורנאַל, איצט ליגט דער כויוו אַף אייך, איר זאָלט באַזאָרגן זיין מאַטעריעלע עקזיסטענץ.

**רעדאַקציע.**

## אינהאַלט פון „שטערן“ נומ. 4 (7).

איציק פעפער- לירישע לידער. איזי כאַריק—„ווינטער“ (לידער). ב. אָרשאַנסקי—„פייער-דיקע וועגן“—צווייטער טייל פון ראָמאַן „אף כוואַליעס“. כאַים לעווין—„לידער פון שוואַרצן באַנד“. ש. ראָסין—„לידער“. צ. דאָלגאָפאָלסקי—„באַ געעפנטע טויערן“ (קאַפיטלען פון אַ ראָמאַן). וויטענזאָן, אליעווסקי—„לידער“. יעהודע פען—„זיכרוינעס פון אַ קינסטלער“. מ. מיאַדאָווניק—„מיינע טעאַטער-זיכרוינעס“. וו. נאָדל—„וווּהין גייט פראַנקרייך?“. א. וואָלאָברינסקי—„דער ציאָניסטיש-מענשעוויסטישער בלאָק“. א. מאַיזעליס—פלאַסטישע קונסט. י. זשיוו—וועגן עלעקטריפיקאַציע. י. בראָנשטיין—ביבליאָגראַפישע נאָטיצן, כראָניק. צו אַלע אונדזערע לעזער און פריינט,

רעדאַקטאָר: רעדקאָלעגיע. מינסק, 1-טע מעלוכע-דרוקעריי, גלאַווליטבעל 17390. באַשט. 2354, טיראַזש 3000.

## עס ווערט אנגענומען דער אבאנעמענט אף דער צענטראַ-לער טעגלעכער יידישער צייטונג

# דער עמעס

אָרגאַן פון צ. ב. פון די יידישע סעק-ציעס באַם צ. ק. פון אַל. ק. פ.

„אין עמעס“ דרוקן זיך רעגולער בריוו פון די גרעסטע אויסלענדישע צענטרען בערלין, פּאַריז, לאָנדאָן און א. וו. פון די אָנגעזעענסטע טוער פונם קאָמינטערן און פון דער אינ-טערנאַציאָנאַלער אַרבעטערבאַוועגונג.

„אין עמעס“ שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע אַרבעט פון דער יידישער ערדאיינאָרדענונג אין ראַטנפאַר-באַנד.

„דער עמעס“ גיט אָפּ דאָס גרעסטע אָרט פאַר דער אָפּשפּיגלונג פון אַלע צווייגן און געביטן פון פאַרטעיִשער, סאָוועטישער, פּראָפאַריי-נישער, קאָמיוגישער און געזעלשאַפטלע-כער אַרבעט.

„דער עמעס“ איז די איינציקע צענטראַלע יידישע צײ-טונג אין ראַטנפאַרבאַנד.

„דער עמעס“ גיט אַרויס אַ וועכנטלעכע אילוסטרירטע ביילאַגע, וועלכע ווערט אַרויסגעשיקט אַלע אַבאָנענטן פון „עמעס“ אומזיסט.

„דער עמעס“ נעמט [illegible] אַלע מיטלען צו פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן טעכניש די צייטונג.

„דער עמעס“ גיט אלע זיינע אבאָנענטן אַ גרויסע האַ-נאָכע באַם אבאָנירן די זשורנאַלן „יונג-וואלד“ און „פּיאָנער“.

„אין עמעס“ ווערט אָפּן פולסטן אויפן פּעסטגעשטעלט דאָס יידישע לעבן סאַי אין אויסלאַנד סאַי אין ראַטנפאַרבאַנד.

„אין עמעס“ נעמען אָנטייל די אָנגעזעענסטע יידישע טוער און שריפטשטעלער.

„דער עמעס“ באַקומט אַ רייכע טעלעגראַפישע און בריוו-לעכע אינפאָרמאַציע סאַי פון אויסלאַנד סאַי אין ראַטנפאַרבאַנד.

## דער אבאָנעמענט אפן „עמעס“ ווערט אָנגענומען

אין דער הויפטקאָנטאָר פון „עמעס“, מאָסקווע, פּאָקראָווקע 4.
אין אלע אָפּטיילונגען און פאָרשטייערשאפטן פון „עמעס“ און אין אַלע פּאָסט-אָפּטיילונגען פונם סאָוועטנפאַרבאנד.
אין אלע אָפּטיילונגען און פאָרשטייערשאפטן פון די צענטראַלע פאַרלאַגן „פּראַוודאַ“, „איזוועסטיאַ“ און „טרוד“.
אין אלע אָפּטיילונגען און פאָרשטייערשאַפטן פון פאַרלאַג „שול און בוך“.
אין אלע אָפּטיילונגען און פאָרשטייערשאפטן פון דער אקצ. געזעלשאַפט „קאָנטראַגענטסטוואָ פּעטשאַטי“.
אין אלע אָפּטיילונגען און פאָרשטייערשאַפטן פון „גוויז“ (מעלוכישער מיליטער-פאַרלאג).
אין אַלע אפּטיילונגען און פאָרשטייערשאפטן פון „בעלגאָסיזדאט“ (מעלוכע-פאַרלאג פון ווייסרוסלאַנד).

| פּ ר יי ז. | „ע מ ע ס“. | „עמעס“ און „יונגוואלד“. | „עמעס“ און „פּיאָנער“. | „עמעס“, „יונגוואלד“ און „פּיאָנער“. | א ו י ס ל א נ ד. |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 יאָר. | 7 ר. 50 ק. | 9 ר. | 8 ר. 50 ק. | 10 ר. | 1 כוידעש—1 אמע-ריקאנער דאלאר אדער 2 גאָלדרובל. |
| 6 כאדאש. | 4 ר. | 4 ר. 90 ק. | 4 ר. 60 ק. | 5 ר. 50 ק. | |
| 3 „ | 2 ר. | 2 ר. 60 ק. | 2 ר. 40 ק. | 3 ר. | |
| 1 „ | — 75 ק. | 1 ר. | — 90 ק. | 1 ר. 10 ק. | |

אדרעס פון רעדאקציע און הויפטקאָנטאָר פון „עמעס“ פאַר בריוו: מאסקווע, פּאקראָווקע 4.
פאַר טעלעגראמעס: מאסקווע, „עמעס“. — טעלעפאָנען: רעדאקציע—2-80-48, הויפטקאָנטאָר 5-47-69.

# ЗОРКА

Літаратурна - Мастацкі
і Політычна - Навучны
журнал.

פרייז 50 קאפ.






БЕЛАРУСКАЕ АДДЗЯЛЕНЬНЕ ВЫДАВЕЦТВА
„Школа і Кніга“
Менск, Ленінская вул., 26.